# לעבנס פאַרן לעבן

## וועגן די יידישע וואָלונטירן אין שפּאַניע

18 דערציילונגען פון די גראַדואַנטן
פון דער בראָנקסער מיטלשול
פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן

●

רעדאַקטירט:
בעצאַלעל פרידמאַן

●

אַרויסגעגעבן פון דער בראָנקסער מיטלשול
פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן
בראָנקס, ניו יאָרק
יוני, 1939

די דערציילונגען זיינען באַזירט אויף באַגעגענישן פון די סטודענטן מיט די צוריקגעקומענע וואָלונטירן און מיט די עלטערן פון די געפאַלענע:

**דזשאַן אינגערט**

- לעסטער גיטלסאָן
- סידני האָראָוויץ

**מאָרים יעלין**

- אייב סקאָלניק

**אַלווין פּאַסטערנאַק**

- הערי פּייגין
- מאָ פּישמאַן
- הערי פּישער

**לאָרענס פרידמאַן**

- מאָרים קאַפּלאָוויץ
- קאָפּל קאַפּעלאָוויץ
- סעם קאָרנבלאַט
- מאַקס קאַץ
- איזראַעל ראַפּאַפּאָרט
- הערי רובין
- מאַקס שוואַרצבערג

**רובין שעכטער**

# „לעבנס פארן לעבן"

סעפטעמבער 1938.

. . . כ'זיץ שפעט אין אן אוונט און טראכט, ווי אזוי אוועקצושטעלן דעם לימעד פון קאמפאזיציע פארן גראדואיר־קלאס, אז ער זאל פאר־כאפן מיינע שילער, זיי אריינציען אין דער ארבעט, קעדיי עס זאל זיך באקומען פארטיפט שעפעריש לערנען.

ס'דערטראגט זיך צו מיר דאס זשומען פון אן עראפלאן, וואס פירט אוואדע פאסט אדער פאסאזשירן. איך בענטש אין מיינע געדאנקען דעם פרידלעכן עראפלאן, ער זאל בעשאלעם לאנדן, און —

כ'טראג זיך איבער קיין שפאניע...

:: :: ::

וואו קומט אהין דער מעסירעס נעפעש, וואס טראגט יונג זאפטיק לעבן אין דעם קאמף אנטקעגן דעם סוינע פון דער מענטשלעכער פרייד?... וואו קומט אהין דאס ליכט פון די אויגן, וואס הייבט אויף יונג העראאיש לעבן און יאגט עס קעגן דעם כוישעך, וואס דער פאשיזם פארשפרייט איבער דער ערד?... מיט וועמען באהעפט זיך דער העלדנ־מוט, וואס שיידט יונג לעבן מיט פרידלעכער היים און טאטע־מאמע און טראגט עס ווי אויף פליגלען איבער בערג און יאם, קעדיי זיך צו באהעפטן מיט אן אומבאקאנט פאלק אין קאמף, לעבן און טויט?...

דער געדאנק לאזט מיך שוין ניט אפ:

באהעפטן מיינע שילער פון גראדואיר־קלאס מיט זייערע עלטערע ברידער און שוועסטער, וואס האבן אזוי אנטשלאסן און הערלעך אוועק־געטראגן זייערע לעבנס קיין שפאניע אין קאמף פאר פרייהייט!... זאלן זיי זיך באהעפטן מיטן מעסירעס נעפעש, מיטן ליכט און מיטן העלדנ־מוט פון די יידישע וואלונטירן...

:: :: ::

איך שטיי פארן קלאס און דערצייל...

די שילער זיינען — אויגן און אויערן... איך פיל זייער אטעם אויף מיינע באקן... דאס שלאגן פון זייערע הערצער קומט אויף מיר אלץ נעענטער און נעענטער, קלאפט אן און באגעגנט זיך מיט מיין אייגענער אומרו...

דער קלאס איז גרייט און נעמט זיך באגייסטערט צו דער ארבעט!

די אנפירער פון די „פריינט פון דער לינקאלן בריגאדע" פארבינדן די שילער מיט די צוריקגעקומענע יידישע וואלונטירן און מיט די עלטערן פון די וואלונטירן, וואס האבן געהיילקט מיט זייערע העראאישע לעבנס די שפאנישע ערד. :: :: ::

און אַט איז דאָס בוך. מיר גיבן איבער דאָס קאָלעקטיווע האַרץ און דעם מאַרך, וואָס זיינען פאַרקערפּערט אין דעם בוך, אין רעשוס פון די יידישע מאַסן. ס'איז אַ בוך, וואָס שפּיגלט אָפּ די דערגרייכונגען פון דער פּראָגרעסיווער יידישער שול; אַ בוך, וואָס דאַרף עפענען די אויגן פון די, וואָס שטייען נאָך מיטן רוקן צו דער יידישער מאָדערנער דערציאונג; אַ בוך, וואָס לייקנט אָפּ די בייזוויליקע און אומקולטורעלע „טעאָריעס", אַז אונדזער לאָשן און קולטור קאָנען ניט איבערגענומען ווערן פון אונדזערע קינדער!

:: :: ::

איינצייטיק מיטן בוך גייען אַריבער אין רעשוס פון אונדזער אַקטיוון פּראָגרעסיוו-געזעלשאַפטלעכן לעבן די מעכאַברים זיינע, די 16 גראַדואַנטן פון דער בראָנקסער יידישער מיטלשול פון דעם אינטער-נאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. דער קאָלעקטיוו יוגנטלעכע איז אַ גרויסער אָפּגעשפּאַרטער אויצער פון אונדזער קולטור-אַרבעט און ער וועט אַרויסשיינען פון צווישן די שווערע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויף אונדזער לעבן. די יוגנטלעכע וועלן מיטהעלפן די וואָלקנס צו פּאַריאָגן!

:: :: ::

איך דריק האַרציק די הענט פון מיינע קאָלעגן-לערער: דוואָוירע טאַראַנט, ש. קאָרן, מ. געלמאַן, ש. דאַווידאָוויטש, בעלאַ פּערווין, מ. סטרוגאַטש, ל. גאָזדיק און איטשע גאָלדבערג, דעם נאַציאָנאַלן סעק-רעטאַר פון די יידישע קינדער שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, פאַר זייער הילף און גרויסן אינטערעס, וואָס האָט אַ סאַך געהאָלפן מיר און די שילער דורכצופירן די אַרבעט. און —

:: :: ::

„סאַלוט!"—די פירער פון די „פריינט פון דער לינקאָלן בריגאַדע" פאַר דער האַרציקער קאָאָפּעראַציע מיט די סטודענטן, פאַר די צו-געגרייטע אינטימע באַגעגענישן פון די וואָלונטירן און עלטערן פון די געפאַלענע מיט די סטודענטן פון דער מיטלשול — וואָס האָבן געשאַפן דעם פונדאַמענט און די באַגייסטערונג פאַרן בוך.

:: :: ::

צו מיינע כאַווירים און פריינט גראַדואַנטן:

דאָס איז אייער ערשטער וויכטיקער אויפטריט מיטן געדרוקטן וואָרט. פאַראַן אַ ווערטל: „וועסט ניט אויסהאַקן מיט קיין האַק, וואָס איז אָנגעשריבן מיט דער פען." לערנט ווייטער און טיילט זיך מיט האַרץ און געדאַנק מיט די מענטשן פון אייער צייט. און זאָל אייער וואָרט שטענדיק פאַרמאָגן דעם גרויסן עמעס, וואָס וועט ברענגען אונדזער לעבן צו זון און פרייד!

בעצאַלעל פרידמאַן.

FRIENDS OF
THE ABRAHAM
LINCOLN BRIGADE

פאָרוואָרט פון
פּראָפעסאָר דייוויד
מעקעלווי ווייט,
נאַציאָנאַלער פאָר-
זיצער פון די
„פריינט פון דער
לינקאָלן בריגאַדע“.

During the 15th Century the over-civilized barbarians of Spain — far ahead of Hitler in efficiency as in time — drove the Jews from their country with fire and violence. Surely they little thought that five centuries later Jews would return from a continent as yet unknown to help defend Spain from a fresh outburst of the old terror.

The service of these young volunteers in the International Brigades is here recounted with warmth & understanding. Its deep & vital significance can scarcely escape the most casual reader. Brutal & cynical reaction — here as in Germany moving first against the Jewish people as a convenient scapegoat — must be met and firmly challenged by the Jewish people. Beside them will stand all who hate hatred & bitterness, who love liberty and justice, who will never lend themselves as easy instruments of hysterical sadism.

This is the truth for which Jewish volunteers, from America as from all the world, fought in Spain and for which many of them heroically laid down their lives. Their experiences & their example, written here and in the hearts of thousands of Americans, is one of the great bulwarks of our democracy and our freedom.

David McK. White

NATIONAL CHAIRMAN
DAVID McKELVY WHITE

EXECUTIVE SECRETARY
JOHN GATES

TREASURER
D. WILLIAM LEIDER

# קעדיי ניט צו פאַרגעסן...

דער אַנטייל פון די יונגע זין פון יידישן פאָלק אין דעם קאַמף, וואָס דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט געפירט פאַר זיין פרייהייט, קען פאַר־שקלאַפונג — האָט אויך אונדז, די יידישע מאַסן, פאַרבונדן און גע־מאַכט שותפים אין דעם גרויסן געראַנגל פאַר מענטשלעכער פרייהייט.

קעדיי צו העלפן פאַרקריצן אין פאָלקס זיקאָרן די העלדן־טאַטן פון אונדזערע זין, וואָס האָבן אַזוי אומאייגננוציק אוועקגעגעבן זייער בלוט, ברענגען מיר דאָס איצטיקע בוך.

ניט סטאַם קיין העלדן־פאַרגעטערונג האָט באַוויגן די יונגע סטודענטן פון דער אָרדן־מיטלשול אין די בראָנקס אונטערצונעמען די אַרבעט. עס זיינען די פּאָשעטע הארציקע רייד פון די יינגערע ברידער און שוועסטער — אויב ניט אין בלוט פאַרוואַנדעט, זיכער אין גייסט פאַרבונדן — וועגן אונדזערע העלדישע יידישע זין אין שפּאַניע. רייד פון דעם יינגערן קינד, וואָס וויל אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן ווי שיין, ווי העראָאיש און ווי גוט דער עלטערער ברודער איז. די אַרבעטן זיינען בעשום אויפן ניט שטרענג עפּיש און ניט שטרענג אָביעקטיוו. און מיר זיינען זיך מוידע: דער שטילער אינערלעכער ציטער פון אונדזערע קינדער, בעשאַס זיי שרייבן וועגן זייערע ברידער אין שפּאַניע, איז אונדז שטאַרק צום האַרצן. מיר, די דערוואַקסענע — די לערער, האָבן באַוואוסטזיניק געזוכט אָט דעם ציטער אונדזערע קינדער איבערצוגעבן.

און דאָס וואָס אונדזערע קינדער שרייבן אין יידיש איז אין זיך אַליין דער בוילעטסטער באַווייז אויף די לעבנס־פעיאיקייטן פון אונדזער פאָלק־לאָשן, אויף דעם פּאָשעטן וואונדער, ווי די שפּראַך פון די יידישע פאָלק־מאַסן האָט געשלאָגן וואָרצלען און פאַנגט אָן אויפצולעבן אין מויל פון אַ דאָר אַמעריקאַנער געבוירענע יידישע יוגנטלעכע.

צוזאַמען: דער סינטעז פון אונדזער מאָדערנעם פּראָגרעסיוון יידישן לעבן — דער העראָאיזם פון קאַמף פאַר פרייהייט פאַררעגיס־טרירט אין דער לעבעדיקער שפּראַך פון די יידישע פאָלק־מאַסן.

עס פרייט די אָרדן־שול און זי שטאָלצירט מיט די זין, וואָס זי האָט דערצויגן, וועלכע זיינען אוועק אָפּגעבן זייערע יונגע לעבנס פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע. עס פרייט אונדז אויך, וואָס אַ יינגערער דאָר פון אונדז דערצויגענע האָט געמאַכט דעם ערשטן שריט צו העלפן דעם פאָלק פאַרצייכענען און אָפּהיטן דעם העלדן־גאַנג פון זיינע זין אין קאַמף פאַר אַ ליכטיקער באַנייטער וועלט.

**א. גאָלדבערג.**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר,
יידישע קינדער שולן פון דעם
אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

# מיר שטאָלצירן מיט אייך...

די פאַרבינדונג פון דער שול מיטן לעבן איז דער אידעאַל, צו וועלכן עס שטרעבט יעדע פּראָגרעסיווע שול פון אונדזער צייט. די פאָרשונגען פון אַלע פּראָגרעסיווע דענקער אויף דעם פּעדאַגאָגישן געביט האָבן באַוויזן, אַז די שול, וועלכע פאַרבינדט דעם שול־לימעד מיט ארומיקן לעבן, און נאָך מער: די שול, וועלכע באַווייזט צו לערנען אירע טאַלמידים דורך אייגענע לעבנס־דערפאַרונגען, קען האָפן צו זיין דערפאָלגרייך.

די אַרבעט, וועלכע אונדזערע ערשטע גראַדואַנטן פון דער בראָנקסער מיטלשול האָבן דורכגעפירט היי־יאָר, אונטער דער אָנפירונג פון זייער קאָמפּאָזיציע־לערער, בעצאַלעל פרידמאַן, איז אַ גרויסער שריט אין דער ריכטונג.

דער לימעד פון קאָמפּאָזיציע איז באַלעבט געוואָרן דורך דעם גרויסן פּראָיעקט, וועלכער האָט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע און די געפילן פון דער גרופּע יונגטלעכע סטודענטן, אָנגעצונדן זיי מיט ענטוזיאַזם דורכצופירן די אויפגאַבע, וועלכע האָט ניט נאָר אַן ענגן אַקאַדעמישן שול־כאַראַקטער, נאָר טראָגט מיט זיך אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן אינטערעס: פאַראייביקן די נעמען פון יענע העלדישע יידישע באָכערים, וועלכע זיינען אַוועקגעפאָרן אין שפּאַניע אָפּגעבן זייערע „לעבנס פאַרן לעבן" פון פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע אויף דער וועלט.

קעדיי דער פּראָיעקט זאָל קענען פאַרווירקלעכט ווערן, איז נויטיק געווען אַ סאַך אויסדויער און שווערע אַרבעט, אונטער אומגינסטיקע באַדינגונגען: אונדזערע סטודענטן פאַרברענגען פינף טעג אַ וואָך אין דער רעגירונג־שול און די אַנדערע צוויי — אין דער מיטלשול. זיי האָבן קימאַט ניט קיין פרייע צייט. עס איז נויטיק געווען גויווער צו זיין די שוועריקייטן פון דער שפּראַך און פון ליטעראַרישן אויסדרוק. די אַלע שוועריקייטן זיינען בייגעקומען געוואָרן דורך דעם ענטוזיאַזם פון די יונגע שרייבער, וועלכע האָבן געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס די פרייוויליק־אָנגענומענע אויפגאַבע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

די געשפּרעכן, וועלכע זיי האָבן געפירט מיט די צוריקגעקומענע וואָלונטירן און מיט די פאַמיליעס פון די געפאַלענע; די גאַנצע אַרבעט, וואָס זיי האָבן געדאַרפט דורכפירן — דאָס אַלע האָט זיי געגעבן אומ־פאַרגעסלעכע דערפאַרונגען, דורך וועלכע זיי האָבן זיך אַליין אַנט־

וויסלט, א סאך געלערנט און געוואָרן רייפער און באוואוסטזיניקער.

די רעזולטאַטן פון דער ארבעט, וועלכע ווערן דאָ געבראַכט, ווייזן, אַז ווען די יידישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט זאָל נאָר געבן דעם יוגנטלעכן די געהעריקע יידיש־קולטורעלע סוויווע, זאָל אים געבן די געהעריקע פּירערשאַפט — איז ניטאָ וואָס צו זאָרגן זיך וועגן דער צוקונפט פון דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע.

דער לערער־קאָלעקטיוו פון דער בראָנקסער מיטלשול איז צופרידן, וואָס עס האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן אַ סוויווע, וועלכע האָט סטימו־לירט דעם פאַרלאַנג צו אַזאַ ארבעט.

דער לערער־קאָלעקטיוו פון דער מיטלשול איז שטאָלץ מיט דעם, וואָס אירע ערשטע גראַדואַנטן האָבן זיך אונטערגענומען און דורכ־געפירט אַן ארבעט, וועלכע ווייזט אַ וועג פאַר וויטערדיקע אויפטוען און דערגרייכונגען אויף דעם געביט.

דער לערער־קאָלעקטיוו דריקט אויס זיין טיפע אָנערקענונג צו די טוער און עלטערן, וועלכע האָבן מיט זייער ארבעט דערמעגלעכט, אַז דאָס בוך זאָל ארויסגעגעבן ווערן.

ד. טאַראַנט, דירעקטאָר

ל. גאָזדיק, מ. געלמאַן, ש. דאַווידאָוויטש, מ. סטרוגאַטש,
ב. פּערווין, ב. פרידמאַן, ש. קאָרן.

# לעבנס
# פֿון
# לעבן



# די זון האָט אים באַגלייט...

● ביבי פרידמאַן

אַ שאָטן האָט זיך צעשפּרייט איבער דער וואַנט. דאָס ליכט פון דעם גאַסן־לאָמפּ האָט זיך אויף אַ מאָמענט אָפּגעשפּיגלט אין צוויי גרינע שאַרפע אויגן. ס'איז פאָרגעקומען אַ געיעג צווישן אַ האָרץ און דעם קלאַפּן פון אַ זייגער אויפן טיש. און דערנאָך, מיטן סקריפּ פון אַ טיר, איז דער שאָטן שטילערהייט פאַרשוואונדן.

• • •

די כוואַליעס פון דעם יאַם האָבן געשמיסן די זייטן פון דער גרויער אומעטיקער שיף לעבן די ברעגן פון אַמעריקע. פון דער

וויטנס איז געשטאַנען די „סטאַטוע פון פרייהייט”, אַ שטאָלצע פיגור, און איבער איר — דראָענדיקע שווערע וואָלקנס.

אויפן דעק פון דער שיף איז געשטאַנען אַ געשטאַלט מיטן קאָפּ פאַרריסן. דער ווינט האָט זיך געריִיצט מיט די ווייכע שוואַרצע האָר, און ווערטער האָבן דורכגעשניטן דעם נעפּל צו דער „סטאַטוע פון פרייהייט”: „איך פאָר אַוועק קעמפן, קעדיי דו זאָלסט דאָ קאָנען בלייבן !...”

אויף די גרויע נערוועזע כוואַליעס האָבן זיך בליץ־שנעל געשפּיגלט בילדער: אַ מאַמע מיט גרויסע מידע אָבער וואַרעמע אויגן; מיט פאַרקנייטשטע פאַרטריקנטע הענט, וואָס שיילן, וואַשן, פּרעסן און גלעטן; הענט, וואָס רוען זיך קיינמאָל ניט אָפּ . . . אַן אויפגערעגטע כוואַליע האָט צעבראָכן דאָס בילד און די שטיקלעך זיינען זיך צעשוואומען: אויגן, פינגער — ווייטער און בלאַסער . . . פאַרשוואונדן.

און באַלד האָבן זיך אויף די כוואַליעס באַוויזן צוויי שטרענגע שטאָל־גרויע אויגן. אַ שטייף מויל און אַ שאַרפער קין — דער טאַטע, וואָס וואָלט אים קיינמאָל ניט געלאָזט אַוועקפאָרן — דער טאַטע ! זיין אייגענעם טאַטן האָט ער ניט געקאָנט געבן צו פאַרשטיין. דער טאַטע האָט ניט געוואָלט פאַרשטיין. מען קאָן אים דען באַשולדיקן? ער איז זיין איין און איינציקער זון !

און אַ כוואַליע האָט ווידער צעשפּאָלטן דאָס בילד. אָבער די טיילן האָבן עפּעס ניט געוואָלט צעשווימען זיך, פאַרשווינדן; זיי האָבן זיך געריסן קעגן די כוואַליעס — אָבער ווער קאָן אָפּשטעלן די כוואַליעס פון אַ יאַם? און ווען דאָס בילד איז פּראָטעסטירנדיק פאַרשוואונדן, זיינען די כוואַליעס געוואָרן שטילער און אויף זיי האָט זיך באַוויזן אַ יונג פּנים, מיט יונגע שוואַרצע אויגן, מיט ווילדלעכע שוואַרצע האָר. זיין יונג שוועסטערל, זיין שטיפעריש שוועסטערל...

אַ געוויין פון שיף האָט צעריסן די געדאַנקען. די מאָטאָרן האָבן אָנגעהויבן זשומען. די כוואַליעס האָבן זיך געריסן פאָרויס. אַ ווייסער שוים האָט באַדעקט די שוואַרצע וואַסערן, און די שיף

איז שווער און פּאַמעלעך אַריין און זיך פאַרלאָרן אין דער פינצטערניש פון ברייטן שוואַרצן יאַם.

• • •

אַ ווילד שטראַלעכל פון דער זון האָט זיך אין אַ קילן פרי־מאָרגן אַריינגעריסן דורך אַ פענצטער. עס האָט אָנגעהויבן טאַנצן איבער די ווענט און פּלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט. דאָס שטראַלעכל האָט געזען, ווי אַ טאַטע האָט געריסן אַ קאָנווערט פון אַ בריוו. זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט. די מאַמע האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן אַ שטול און די יונגע טאָכטער איז געשטאַנען באַוועגלאָז. אַלע זיינען געווען בלאַס און פאַרצווייפלט.

דעם שטראַלעכל איז געוואָרן אומבאַקוועם. עס האָט גע־פילט, ווי ס'האָט צעשטערט די גרויקייט און אומרו. האָט דאָס שטראַלעכל זיך אַראָפּגעגאַנוועט פון דער וואַנט, איז אַרויס דורכן פענצטער צוריק צו דער זון...

דער טאַטע האָט נערוועז און פּאַמעלעך אָנגעהויבן לייענען:

„טייערע:

איך בעט אייך, אַז איר זאָלט פּרואוון פאַרשטיין וואָס איך טו. יאָ, אייערע פאַרדאַכטן זיינען געווען גערעכטע — איך פאַר קיין שפּאַניע. ווען איר וועט דערהאַלטן מיין בריוו, וועל איך שוין זיין אַ פּאָר הונדערט מייל אויפן יאַם. אָבער דאָס איז ניט אַזוי שרעקלעך. מיין פאַרברעכן איז דער שוידערלעכער ליגן, מיט וועלכן איך האָב אייך אָפּגענאַרט, ווען איר האָט מיך געפרעגט קלאָר, פּאַנעם צו פּאַנעם, צי איך פאָר קיין שפּאַניע.

עס הויבט זיך אַלץ אָן אין קליוולאַנד, ווען דער אוני־ווערזיטעט האָט צוריקגעצויגן מיין האַלוואָע. אין יענער צייט האָב איך שוין געטראַכט וועגן מיין צוקונפט: עפּשער אַ שלעכטע, נידעריק־באַצאָלטע שטעלע, וואָס מ'דאַרף אויך האָבן געגוג מאַזל צו קריגן? וואָס פאַר אַ לעבן וואָלט איך געלעבט? וואָס וואָלט איך געקאָנט געבן דער מענטשהייט?

איך וואָלט געוועזן נאָך איין פינצטערער מענטש אין דער פינצטערער וועלט.

און איצט האָב איך געזען אַ געלעגנהייט צו טאָן אַ ווערטפולע זאַך; אַ געלעגנהייט צו העלפן ראַטעווען די מענטשהייט פון אַ פאַרניכטנדיקער מאַכט: פאַשיזם. איך האָב געפילט, אַז וואָלט פאַשיזם געזיגט אין שפּאַניע, וואָלט ניט נאָר דאָס שפּאַנישע פאָלק געלעבט אין אַ שוידער, נאָר אויך מיין מאַמע, מיין טאַטע, מיין שוועסטער און מיינע פריינט.

מיין גאַנץ לעבן האָב איך געוואַרט, ביז איך וועל קאָנען טאָן עפּעס ווערטפולס. איך וויל איצט לעבן. איך וויל זען די וועלט. איך וויל קריגן נייע דערפאַרונגען. זיי מעגן ניט אַלע זיין קיין אָנגענעמע — דאָס איז ניט מיין פאַרשטעלונג וועגן לעבן. איך ווייס, אַז איך טרעט אַריין אין איינער פון די שווערסטע געפערלעכסטע צייטן פון מיין לעבן. אָבער דאָס איז אויך אַ טייל פון לעבן. איך ווייס, אַז איך שטעל מיין לעבן אין געפאַר. אָבער איז דען מיין טויט ניט ווערט הונדערטער לעבעדיקע מענטשן? !

איך האָף, אַז איר וועט פאַרשטיין, וואָס איך טו. און איך האָף, אַז איך האָב אייך געהאָלפן פאַרשטיין. צי איר וועט מיר פאַרגעבן? דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך. בעטן אייך מיר צו פאַרגעבן, מעג איך. אָבער די פראַגע איז, צי איך פאַרדין עס. אַ זון, וואָס פאַרלאָזט זיינע עלטערן און נאַרט זיי אַזוי אָפּ, איז אַפילע ניט ווערט געבאָרן צו ווערן.

און דאָס ברענגט מיך צו נאָך אַ מאָמענט. עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז איך זאָל פאַרלירן מיין בירגער-רעכט. כאָטש איך פיל, אַז אויב דאָס דעמאָקראַטישע לאַנד אַמעריקע וועט אַוועקנעמען מיין בירגער-רעכט פאַר שטיצן און פאַר-טיידיקן די זעלביקע אידעאַלן, פאַר וועלכע עס האָט געקעמפט אין 1776, נו, איז גוט! זאָל מיין לאַנד עס טאָן!

און איצט בעט איך אייך, אַז איר זאָלט בעשום אויפן ניט פּרואוון מיך ברענגען צוריק. צי ס'איז מעגלעך צי ניט,

ווייס איך ניט. אָבער איך וויל ניט, אַז איר זאָלט עס טאָן. איר וועט גאָרנישט געווינען, אויב איך וועל צוריקקומען צו מיין האָפענונגלאָזער צוקונפט אין אַמעריקע. איך וועל שרייבן צו אייך אַזוי אָפט ווי איך וועל נאָר קאָנען, נעמענדיק פון אייך אַ וואָרט, אַז איר וועט ניט אויסנוצן די אינפאָרמאַציע וועגן דעם פּלאַץ, וואו איך וועל זיין. איך בין ניט זיכער, צי איר וועט דאָס טאָן אָדער ניט, וועל איך אייך דאַרפן געטרויען. די איינציקע זאַך, וואָס איך וויל פון אייך, איז—אַז איר זאָלט מיך לאָזן אָנגיין מיט מיין אַרבעט.

איך פיל, אַז איך פאָר קיין שפּאַניע, ווייל איך וויל, אַז איר זאָלט פאַרבלייבן פרייע מענטשן, און איך וויל, אַז איר זאָלט אויך אַזוי פילן. טראַכט וועגן מיר ניט מער, ווי איר האָט געטראַכט, ווען איך בין געווען אין ניו יאָרק אָדער אין קליוולאַנד.

איך וועל שרייבן צו אייך, אָבער אויב ניט זייער אָפט, זאָלט איר ניט איבערקלערן. קיין נייעס — איז גוטע נייעס.

נו, איך בעט אייך נאָכאַמאָל צו פּרואוון פאַרשטיין, וואָס איך האָב געטאָן, און אויך — אויב מעגלעך — מיר צו פאַרגעבן.

איך נעם אייך אַלע אַרום.

אייער זון און ברודער,

ק ל ע מ י.“

עס האָט דער מאַמען פאַרקלעמט באַם האַרצן. זי האָט באַגראָבן איר קאָפּ אין די הענט און שטילערהייט געמורמלט:

— מיין זון, מיין איין און איינציקער זון...

די טאָכטער האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ מיט די פאַרטרערטע אויגן, איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען, האָט זי אַרומגענומען און געזאָגט:

— איך בין שטאָלץ מיט מיין ברודער, מאַמע!

• • •

די זון איז אויפגעגאַנגען אויפן יאַם. די טאַנצנדיקע כוואַליעס זיינען געווען באַדעקט מיט גאָלד; אַ גרינלעך גאָלד. מענטשן האָבן זיך באַוועגט אַהין און אַהער איבער דעם דעק. מענטשן זיינען געזעסן אין גרופּעס און האָבן געשמועסט. דאָ און דאָרט האָט זיך געצויגן אַ דינער שטראָם רויך.

אַ מיידל און אַ באָכער זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָנלען. אירע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער די כוואַליעס:

— זיי האָבן מיך ניט געלאָזט פאָרן.

די ווערטער האָבן זיך געצויגן טרויעריקע פון אירע ליפּן:

— איך בין זייער איינציקע טאָכטער. אָבער אין שפּיטאָל האָב איך שוין מער ניט געקאָנט בלייבן. דאָרט — און אירע אויגן האָבן געקוקט ווייט איבערן וואַסער — דאָרט אין שפּאַניע, האָב איך דערפילט, דאַרף מען מיך. מען דאַרף מיך צו היילן די וואונדן פון אַ פאָלק, וואָס שלאָגט זיך צו פאַרהיטן זיין פרייהייט. האָט דער טאַטע געזאָגט: „דאָ, אין אַמעריקע, דאַרף מען דיך אויך, קינד.“ אָבער דאָ אין אַמעריקע גייען אַרום הונדערטער נוירסעס אָן אַרבעט! און דאָרט אין שפּאַניע דאַרף מען מיך. זיי רופן מיך!...

זי האָט מער ניט געדאַרפט רעדן, קעדיי צו געבן דעם באָכער צו פאַרשטיין פאַרוואָס זי פאָרט. האָבן דען זיינע עלטערן ניט געהאַט דעם זעלביקן צוגאַנג? פילן ניט אַזוי אַלע עלטערן, ווען זייערס אַ קינד שטעלט זיין לעבן אין געפאַר?

זיינען אַ באָכער מיט אַ מיידל געשטאַנען אויף דעם דעק פון אַ שיף. זייער ציל אין לעבן? דער זעלביקער: געבן זייערע לעבנס פאַר דער מענטשהייט!

אַ שוואַרצער קאָפּ לעבן בלאָנדע האָר.ביידע קעפּ אויפגעהויבענע, באַגעגנט פון דעם ווינט. די זון האָט אַרויסגעשוועבט פון הינטער די וואָלקנס און האָט באַלויכטן ביידע פּענעמער.

• • •

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט די שיף אָנגערירט די ברעגן פון פראַנקרייך. לעבן דער שיף האָבן זיי זיך געזעגנט. זיי האָבן

זיך דערלאַנגט די הענט וואָרעם און שטאָלץ און האָבן גע־שמייכלט.

— און אַז איך וועל פאַרוואונדעט ווערן, וואָלט איך געוואָלט, אַז דו זאָלסט מיך היילן — איז געווען זיין „זיי געזונט".

אין אירע שמייכלענדיקע אויגן האָט ער געזען דערמוטיקונג.

• • •

שפּעט באַנאַכט, אַרום צוועלף אַזייגער, האָט קלעם זיך געטראָפן בײַ דעם פראַנצויזישן גרענעץ מיט נאָך אַ גרופּע וואָלונטירן. שטילערהייט האָבן זיי זיך געצויגן צו די בערג. אַ פולע לעוואָנע האָט באַלויכטן דעם הימל. זיי האָבן געקלעטערט איינער נאָכן אַנדערן. זייערע שאָטנס זיינען געפאַלן אויף דער ערד, אויף די שטאַמען פון די ביימער. אַזעלכע אויסגעצויגענע, איבערגעטריבענע שאָטנס.

אַכט לאַנגע אומרואיקע שאָען זיינען זיי געגאַנגען, גע־שפּרונגען און געקלעטערט. אַ פּאָר מאָל האָבן זיי געמוזט זיך אָפּשטעלן און רוען. אָט איז אַ טייל פון דער גרופּע פאַרפאַלן געוואָרן. מידע און פאַרשטויבטע האָט מען זיי ווידער געפונען.

זיי זיינען געווען דורשטיק און הונגעריק. די זוילן פון די שיך האָבן געברענט, ווי זיי וואָלטן געטראָטן אין פייער... איין באָכער האָט ניט געקאָנט גיין ווייטער. האָט מען אים געטראָגן אַ פאַרכאַלעשטן.

מיטן פרימאָרגן זיינען זיי אַריין אין שפּאַניע. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קרעמל. אַ טיפּישע שפּאַנישע פרוי, אַ ברייטע מיט שוואַרצע האָר און אויגן האָט זיי צוגעטראָגן מילך מיט טאָרט.

— „אינטערנאַציאָנאַלע"? — האָט זי געפרעגט.

זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

זיי האָבן אָפּגעפרישט זייערע טרוקענע העלדזער, זיינען אויפגעשטאַנען און האָבן געפרעגט, וויפיל איר קומט. אירע שוואַרצע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. איר שטימע איז געוואָרן הייזעריק פון עמאָציע:

— פון די „אינטערנאַציאָנאַלע" נעם איך ניט קיין געלט!

זי האָט אויפגעהויבן איר פויסט:

— „סאַלוּד, קאַמעראַדאָס!"

— „סאַלוּד!" — האָבן זיי איר געענטפערט, און פרישער מוט און ענערגיע איז אַריין אין די גלידער. דאָס איז זייער ערשטע באַגעגעניש מיטן פאָלק, פאַר וועלכן זיי זיינען געקומען אַוועקגעבן זייערע לעבנס. יעדער איינער פון זיי האָט געפילט, אַז ס'איז ווערט.

• • •

קלעמי איז געזעסן און האָט שטודירט זיין ביקס. זי איז שוין געווען אַ גענוצטע. ער האָט זי פאַרזיכטיק געעפנט און אויסגערייניקט. ער האָט געטראַכט: דער, וואָס האָט גענוצט די ביקס פאַר אים, האָט אויף איר זייער גוט אַכטונג געגעבן. וואָס האָט פּאַסירט מיט יענעם קעמפער? איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן, אָדער געפאַלן אין אַ שלאַכט פאַר דער זעלביקער פרייהייט, וואָס ער, קלעמי, גייט איצט פאַרטיידיקן? איז ער געווען אַ שפּאַניער? און עפשער גאָר אַן אַמעריקאַנער פון זיין אייגענער שטאָט?

קלעמי האָט באַשלאָסן גוט אָפּהיטן זיין ביקס. עפשער... עפשער וועט נאָך אַ קעמפער דאַרפן זי אויפהויבן... ער האָט שטאַרק געדריקט די ביקס אין ביידע הענט. ער האָט דערפילט אַ וואַרעמע נאָענטקייט צו איר. די ביקס — אַ שטיק האָלץ און אייזן, יאָ? אָבער ער פילט צו איר ווי צו אַ כאַווער, אַ פריינט. די ביקס וועט אים העלפן פאַרניכטן דעם סוינע; אַ סוינע, וואָס דראָט דער וועלט.

ער האָט גוט אָפּגעפּוצט די ביקס. זי האָט געשיינט און ער האָט זיך דערפילט שטאָלץ מיט איר.

קלעמי האָט דערהערט דאָס בלאָזן פון טרומייט. ער האָט אַוועקגעלייגט די ביקס אויפן בעטל, ווי ער וואָלט אַוועקגעלייגט אַ קינד, און איז אַרויס אויפן פאַרזאַמלונג־פּלאַץ.

אויפן גרויסן הויף האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט. מ'האָט זיי אויסגעטיילט פליישׁ מיט טעלער סאַלאַט.

כעוורע האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן. אָבער אין מיטן עסן

האָבן זיי דערזען, ווי מאַמעס, קינדער און עלטערע מענער זיינען געשטאַנען אַ ביסל פון דער ווייטנס און האָבן געקוקט מיט גרויסע אויגן אויפן פלייש. די סאָלדאַטן האָבן שנעל און אומרואיק גענומען שלינגען זייער עסן. זיי האָבן מער ניט געקאָנט האַנאָע האָבן פון דער שפּייז.

מ'האָט זיי שפּעטער דערציילט, אַז די איינוואוינער פון שטעטל האָבן שוין קנאַפּע פיר מאָנאַטן ניט געגעסן קיין פלייש. אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט מאַקריוו זיין, איז אַוועק פאַר די סאָלדאַטן.

נאָך אַ שאָ רו האָט מען אויסגעטיילט קאָלדרעס. זיי האָבן פאַרפּאַקט זייערע זאַכן און אויפן באַפעל פון קאָמאַנדיר זיך אַוועקגעלאָזט מאַרשירן אין צווייטן שטעטל. דאָרט, האָט מען זיי געזאָגט, וועט מען זיי לערנען מאַרשירן, שיסן און אַנדערע מיליטערישע איבונגען.

• • •

די זון האָט שוין אָנגעהויבן אונטערגיין. זיי האָבן מאַרשירט איבער פאַרזייטע פעלדער. די פּויערים האָבן מער ניט געקאָנט אַרבעטן, ווייל טאָג און נאַכט זיינען זייערע לעבנס געווען אין געפאַר פון פאַשיסטישע באָמבאַרדירונגען. די פעלדער זיינען געלעגן אויפגעריסענע. די זון האָט געוואָרפן פאַסן רויט אויפן בלויען הימל און די רייכע שוואַרצע ערד איז געוואָרן טונקל און טיף רויט.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט די רויטע קויל פייער זיך באַהאַלטן הינטערן האָריזאָנט. דער הימל איז אָפּגעקילט געוואָרן.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט מידע אונטער די איילבערט־ביימער מיט די פּענעמער צו די ריזיקע הימלען. די לעוואָנע האָט שוין אָנגעהויבן באַלייכטן די פעלדער. איר ליכט איז געוואָרן שטאַרקער. אַ צאָל וואָלונטירן האָבן גענומען שרייבן בריוו אַהיים; געשריבן בריוו באַ דעם ליכט פון דער לעוואָנע.

• • •

קלעמי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. ער האָט זיך צוגעהערט

צום רוף פון אַ פויגל אין דער ווייט. ער האָט באַטראַכט די הימלען, באַדעקטע מיט שטערן, און געאָטעמט מיט דער רייך־שמעקנדיקער ערד. אין זיין הארצן האָט ער געפילט אַ וואַקסנ־דיקן צאָרן און סינע קעגן די מערדער, וואָס זיינען געקומען פאַרניכטן אַזאַ לאַנד; אַ לאַנד מיט ברייטע הימלען און פאַרזייטע פעלדער; אַ לאַנד מיט שוואַרץ־האָריקע און שוואַרץ־אויגיקע טעכטער; אַ לאַנד מיט אַ שטאָלצן פאָלק; אַ פאָלק, וואָס איז גרייט אָוועקגעבן זיינע לעבנס, אַז זיין צוקונפט און די צוקונפט פון זיינע זין און טעכטער זאָל זיין אַ פרייע.

קלעמי האָט אַרויפגעלייגט זיין האנט אויף זיין ביקס, וואָס איז געלעגן באַ זיין זייט. ער האָט דערהערט, ווי אַ באָמבע האָט אויפגעריסן ערגעץ אין דער ווייט, און זיין האנט האָט זיך פאַרשטייפט אויף זיין ביקס.

• • •

אַ קילער פרישער פרימאָרגן האָט זיי באַגלייט. זיי האָבן אויסגעשלאָפענע אַרויסגעמאַרשירט פון שטעטל. ס'האָבן זיי באַגלייט געשרייען און געזאַנג. קינדער האָבן געוואָרפן בלומען צו זייערע פיס. ווייבער און מאַמעס האָבן געפּאַכעט מיט די הענט. אין דעם קליינעם שטעטל, וואו זיי האָבן זיך געלערנט, ווי צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד און פאַרניכטן דעם סוינע, האָבן זיי זיך באַקענט מיט די שפּאַנישע קינדער. יעדער סאָלדאַט האָט געהאַט זיין קליין כאַווערל אָדער כאַווערטעלע. קלעמיס כאַווערטע איז געווען אַ קליין מיידעלע מיט לאַנגע שוואַרצע צעפּעלעך און גרויסע ברוינע אויגן. ער האָט זי גערופן „וועוועריקע". זי האָט געהאַט דאַרע, שלאַנקע פיסלעך, וואָס האָבן שטענדיק געטאַנצט און געשפּרונגען. זי פלעגט אים אָלעמאָל באַגריסן מיט איר קליין פויסטל:

— סאַלוד, אַמעריקאַנאָ!

און ער פלעגט איר ענטפערן:

— סאַלוד, סעניאָריטאַ!

ביידנס פּענעמער זיינען דעמאָלט געווען שטרענג און פאַר־טיפט. דערנאָך פלעגט זי אַרויפשפּרינגען אויף זיין שויס מיט

אַ געלעכטערל און אים אָנהייבן לערנען שפּאַניש. זי פלעגט אַרויפליייגן איר קליין פינגערל אויף זיין נאָז, אים זאָגן אַ וואָרט און ער פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ און איר נאָכזאָגן.

אַזוי זיינען אַוועק די וואָכן אין שטעטל.

די קינדער פלעגן נאָכקוקן, ווי די סאָלדאַטן מאַרשירן. נאָך די איבונגען פלעגן זיי צולויפן צו זיי און באַטראַכטן מיט וואונדער די לאַנגע שטאַרקע ביקסן. באַנאַכט פלעגן די סאָלדאַטן שלאָפן אין די פעלדער. מ'האָט זיי געגעבן שלאָף-פלעצער אין דער שטאָט, אָבער אונטער דיביימער און ברייטע הימלען האָט מען געקאָנט געשמאַקער שלאָפן.

דערנאָך איז געקומען דער באַפעל: מאַרשירן צום פראָנט. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען זיך געזעגענען. די קינדער זיינען געלאָפן דורך די רייען.

קלעמים כאַווערטעלע „וועוועריקע" איז שטיל צוגעגאַנגען צו אים. „וואָס האָט פּאַסירט מיט מיין קליינער „וועוועריקע"?" — האָט קלעמי געטראַכט — „זי גייט אַזאַ טרויעריקע"... ער האָט זי אויפגעהויבן אויף די הענט און איר אַ קוש געטאָן. זי האָט אים דערמאָנט אין זיין שוועסטער אין דער היים.

ווען ער האָט זי אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, האָט זי אוים-געשטרעקט צו אים אירע צוויי קליינע הענטלעך. עס זיינען געלעגן אין זיי צוויי גרויסע מאַראַנצן — אַ זיי-געזונט מאַטאָנע. ער האָט איר באַדאַנקט מיט אַ וואַרעמען שמייכל. ער האָט אַריינגעלייגט די מאַראַנצן אין דעם פּאַק אויף זיין פּלייצע.

עס האָט זיך דערהערט דער טרומייט און זיי האָבן אָנ-געהויבן מאַרשירן. די קינדער האָבן זיך געשטעלט באַ די זייטן.

פון ווייט האָט זיך דערטראָגן דאָס זשומען פון אַן עראָפּלאַן. קלעמי האָט זיך דאָס לעצטע מאָל איינגעקוקט אין זיין „וועוועריקע". זי האָט צו אים געפאָכעט מיט אַ הענטל, עס אויסגעשטרעקט צו די ברייטע הימלען, צום עראָפּלאַן:

— נאָ פּאַסאַראַן!

קלעמי האָט איר געענטפערט מיט אַן אויפגעהויבענעם פויסט:

— גערעכט! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — זיי וועלן ניט אַדורך!

• • •

דער שטויב איז שוין געלעגן אויף די מידע פּענעמער, און די פּעק האָבן שוין געוואויגן דריי מאָל מער וויפיל זיי האָבן טאַקע געוואויגן. שיסערייען און אויפרייסנדיקע באָמבעס האָבן געהאַקט אין די אויערן. און הערצער האָבן שנעל געקלאַפּט:

דער פראָנט!

קלעמי האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און געזען, ווי דער רויך פון דעם סוינע פון דער ווייטנס האָט באַשמוציקט די בלויע הימלען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די פאַרשטויבטע, פאַר־רויכערטע הימלען פון די פאַבריקן אין אַמעריקע. אָבער דאָרט האָט מען געשאַפן, און דאָ — האָט מען רואינירט, צעבראָכן און צעשטערט. קלעמי האָט פאַרגעסן זיין מידקייט און האָט אויסגעגלייכט זיינע פּלייצעס. ער האָט פּלוצלונג געוואָלט מאַרשירן שנעל, שנעלער, גיכער צו די טרענטשעס, אַנטקעגן דעם סוינע, אים צעשמעטערן — אָפּווישן דעם רויך און די וואָלקנס פון די ריזיקע שפּאַנישע הימלען — פון דער וועלט!...

• • •

מיטן פאַרנאַכט האָבן זיי דערגרייכט די טרענטשעס. זיי האָבן דאָרט געטראָפן נאָך וואָלונטירן פון אַ צווייטער קאָמפּאַניע. מ׳האָט זיי וואַרעם באַגריסט און געהאָלפן אַראָפּנעמען די פּעק פון די פּלייצעס. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, אויסגעלייגט רוען. מ׳האָט געשמועסט, גערויכערט. מ׳האָט געוואָלט זיך נעענטער באַקענען, וויסן מער איינער וועגן דעם אַנדערן; וויסן מיט וועמען מ׳וועט קעמפן זייט באַ זייט; מיט וועמען מ׳וועט צוריק־שטויסן און באַזיגן דעם סוינע.

קלעמי איז געזעסן אַנגעשפּאַרט אין ווענטל פון טרענטש און האָט גערויכערט זיין „פּייפ“. דער רויך האָט זיך פּאַמעלעך געצויגן פון זיין מויל, זיין נאָז. דורכן רויך האָט ער געזען זיינע כאַווירים, וואָס האָבן געלאַכט און געשמועסט. אין אַ זייט האָט ער געזען אַ קאָפּ ברוינע געקרייזלטע האָר איבער פּאַפּיר

און אַ פּען. ער האָט געזען, ווי טאַנצנדיקע אויסיעס האָבן שנעל באַדעקט די ווייסקייט. ס׳האָט קלעמין אַ צי געטאָן באַם האַרץ. ער האָט דערפילט, ווי אויף די ברייטע וואַסערן פון יאַם שניידט זיך אַ שיף. אויף איר דעק ליגט אַ גרויסער פּאַק בריוו. און אין דעם פּאַק — אַ בריוו פאַר אים, פאַר קלעמין, מיט דער באַקאַנטער האַנטשריפט פון זיין מאַמען אָדער זיין שוועסטער, צי מיט דער שטרענגער גלייכער האַנטשריפט פון זיין פאָטער. זיינע פאַרטראַכטע אויגן האָבן געזען דורכן רויך, ווי דער געקרייזלטער קאָפּ האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן. צוויי גרויסע ברוינע אויגן האָבן געשמייכלט צו קלעמען. קלעם האָט אָפּגעטרייסלט זיינע געדאַנקען.

דער סאָלדאַט האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעגלייכט און איז צוגעקומען צו קלעמען. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט. „אַ ברייטע וואַרעמע האַנט מיט שטאַרקע לאַנגע פינגער" האָט קלעם געטראַכט, ווען ער האָט זיין האַנט אַריינגעלייגט אין דעם כאַווערס.

— מיין נאָמען איז קאַרל — האָט קלעם געהערט אַ וואַרעמע שטאָלצע שטימע.

— מיך רופט מען קלעם — האָט ער געענטפערט — ס׳איז מיר זייער אָנגענעם.

זיי האָבן זיך ביידע אַנידערגעזעצט.

— איך זע, אַז איר שרייבט אַ בריוו — האָט קלעם געזאָגט — צו אייערע עלטערן?

— ניין, ניט צו מיינע עלטערן — האָט קאַרל געשמייכלט — נאָר צו מיין מיידל אין פּוילן. מיר זיינען דייטשן, אָבער דער טאַטע לערנט אין אַ פּוילישן אוניווערזיטעט. האָב איך אַ גרויסן טייל פון מיין לעבן פאַרבראַכט אין פּוילן.

— איך קום פון אַמעריקע — האָט קלעם געזאָגט.

קאַרל האָט אַרויסגענומען פּאַפּיראָסן:

— אַ פּאַפּיראָס, קלעם?

— ניין, אַ דאַנק, איך רויכער ניט קיין פּאַפּיראָסן — ער האָט קאַרלען געוויזן זיין „פּייפּ".

אַ וואָלונטיר האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף אַ גאַרמאָשקע. כעוורע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט און געהאַלטן טאַקט מיט די פיס.

קאַרל און קלעמי האָבן זיך צערעדט. זיי זיינען שוין געזעסן ווי אַלטע גוטע פריינט. זיי האָבן דערקענט איינער דעם אַנדערן. קאַרל האָט זיך באַקענט מיט קלעמים עלטערן, זיין שוועסטער און אַפילו מיט דער בלאָנדער נוירס, וועלכע קלעם האָט באַגעגנט אויף דער שיף. און די לעצטע, מיט וועלכער קאַרל האָט זיך באַקענט, איז געווען די קליינע שוואַרצע „וועוועורקע״.

— פאַר איר גיי איך זיך שלאָגן! — האָט קלעם געזאָגט מיט פייערדיקע אויגן — פאַר איר, אירע ברידער און שוועסטער, פאַר איר צוקונפט! איך האָב איר צוגעזאָגט און כ׳וועל האַלטן וואָרט.

קאַרל האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף קלעמים אַקסלען:

— צוזאַמען! — האָט זיין זיכערע שטימע געענטפערט — צוזאַמען וועלן מיר העלפן מאַכן אַ פריי לאַנד פאַר דיין „וועוועורקע״, פאַר מיין „וועוועורקע״ און פאַר גאַנץ שפּאַניע!

זיי האָבןביידע געשמייכלט און זיך צוגעהערט צום שפּילן פון דער גאַרמאָשקע און צו די טיפע באַס-שטימען פון זייערע כאַווירים.

באַמבעס האָבן אויפגעריסן בלויז אין דער ווייט. ס׳איז געווען אַ שטילע נאַכט אויפן פראָנט. אין די טרענטשעס האָבן די סאָלדאַטן געשפּילט שאַך, זיך געוויצלט, געשמועסט און געזונגען לידער פון זייערע לענדער.

דערנאָך האָט איינער נאָכן אַנדערן זיך איינגעוויקלט אין זיין קאָלדרע און איז איינגעשלאָפן אונטערן וויג-ליד פון באַמבעס און ווייטע שיסערייען.

מיטן זוניקן פרימאָרגן זיינען זיי אויפגעשטאַנען. אונטן, הינטער אַ קליינעם בערגל, האָט זיך געצויגן אַ קליין קיל טייכל. די זון האָט זיך גערייצט מיט די גאָלדענע וואַסערלעך.

זיי האָבן מיט געזאַנג אַרונטערגעוואָרפן זייערע זאַכן און זיינען אַריינגעשפּרונגען אין דעם קילן וואַסער. די זון איז געווען זייער האַנטעך. זי האָט זיי שנעל און אָנגענעם אָפּגעטריקנט.

זיי האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און זיינען צוריקגעלאָפן צו די טרעטשעס.

מ'האָט אויסגעטיילט שפּייז. כעוורע האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן. לעבן זיי איז געשטאַנען אַ טראָק. אויפן טרעפּל איז געזעסן אַ יונג באָכערל מיט בלאָנדע צעוואָרפענע האָר און זומער־שפּרענקעלעך, אויסגעשאָטענע אויף זיין נאָז. ער איז געווען דער שאָפער פון דעם שפּייז־טראָק. ער איז געזעסן און אָנגעשפּאַרט זיין יינגלשע מאָרדע אויף זיינע צוויי פויסטן.

— קאַרל — האָט קלעמי געזאָגט — דאָס איז טעדי, אויך פון אַמעריקע. ער האָט זיך אַריינגעגאַנוועט אין שפּאַניע, אָבער קיין סאָלדאַט האָט מען אים ניט געלאָזט ווערן, ווייל ער איז נאָך צו יונג.

טעדי האָט מיט נאָכעס און שטאָלץ געקוקט, ווי די סאָלדאַטן האָבן געגעסן די שפּייז, וואָס ער האָט געבראַכט. עס האָט פּלוצלונג אויפגעריסן פון דער ווייטנס אַ באָמבע און אַן אַלטער ברייטער בוים איז געפאַלן צו דער ערד.

עס איז געוואָרן שטיל. כעוורע האָבן שווער געאָטעמט. נעכטן זיינען אין דעם שאָטן פון דעם זעלביקן בוים געלעגן סאָלדאַטן און זיך באַשיצט פון דער זון. נעכטן האָט אויפן בוים אַ וואָלונטיר געפונען, באַהאַלטן אין די צווייגן, אַ נעסט מיט פיר קליינע אייעלעך.

טעדי איז שנעל אַריינגעשפּרונגען אין טראָק, געדראָט מיט זיין פויסט אין דער ריכטונג פון דעם סוינע, אַ בייזער געעפנט דעם מאָטאָר און איז שנעל אָוועקגעפאָרן.

• • •

מיטן זון־פאַרגאַנג זיינען די שיסערייען געוואָרן שטאַרקער. דער קאַפּיטאַן, אַ הויכער יונג מיט ברייטע פּלייצעס, שטייפע ליפּן און האַרציקע אויגן האָט געגעבן דעם באַפעל, אַז מען זאָל זיין גרייט פאַר אַן אַטאַקע קעגן די פאַשיסטן. כעוורע האָבן גענומען צוגרייטן די ביקסן.

ס'איז געוואָרן פינצטערער און פינצטערער. אַ קיל ווינטל האָט אָנגעהויבן בלאָזן. שווערע וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן אויף

די טונקעלע הימלען. בליצן פון קוילן זיינען געשפּרונגען אויפן האָריזאָנט.

— פאָרויס! — האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שטימע.

סילועטן האָבן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיך אַריבערגעוואָרפן איבער די טרענטשעס. געבויגענע רוקנס האָבן זיך געטראָגן פאָרויס. דונערן פון הימל האָבן זיך צונויפגעשטויסן מיט דונערן פון מאַשין־ביקסן. די סאָלדאַטן זיינען געלאָפן איבערן פעלד, געשפּרונגען איבער שטיינער, גריבער. די ביקסן אין די הענט — פאָרויס, פאָרויס צו יענער זייט פעלד, וואו ס'האָבן זיך באַוועגט דעם סוינעס סילועטן. קוילן זיינען געפלויגן, ווי נערוועזע פייגל; קוילן האָבן געטראָפן און סילועטן זיינען געפאַלן און האָבן זיך אויסגעמישט מיט שטיינער, גריבער, מיט דער ערד. דער הימל און די ערד זיינען געוואָרן איין מאַסע פון בליצן און דונערן. אַ פליוך רעגן האָט זיך אויסגעמישט מיטן רעגן פון קוילן.

היסטערישע געשרייען און קרעכצן האָבן געריסן דאָס פעלד.

די שיסערייען האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. מ'האָט שוין געהערט בלויז די דונערן אין די הימלען.

• • •

קלעמי האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן אויף אַ ווייסער ריינער סטעליע. זיין זיקאָרן איז געווען אַ ביסל צעמישט.

וואָס טוט ער דאָ? אונטער אַ ווייסער סטעליע?

זיין לעצטע סטעליע איז געווען דער פינצטערער הימל, באַלויכטן פון בליצן, פּאַרטוריבט פון דונערן. ער האָט געוואָלט אַרויפליינגן זיין האַנט אויף זיין שטערן, זיך דערמאָנען — האָט אים אַ ציי געטאָן באַם עלנבויגן און אַזוי ווי אַ מעסער וואָלט אים אַדורכגעשניטן. ווי אַ פאָרהאַנג וואָלט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן איבערן פענצטער און דאָס ליכט האָט אַריינגעשטראָמט, אַזוי איז דער געדאַנק אַריין אין קלעמיס קאָפּ — דער עמעס!

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. באַביידע זייטן זיינען געשטאַנען בעטלעך. עס זיינען געלעגן אין זיי פאַרוואונדעטע. איינער מיט אַ באַנדאַזש אַרום זיין קאָפּ.

קלעמים אויגן האָבן מיט ראַכמאָנעס געקוקט אויף זיין באַנ-דאַזשירטער האַנט. ער האָט זיך פּלוצלונג פּיינט געקראָגן:

זיין ערשט מאָל אויפן פעלד; זיין ערשט מאָל אין דער שלאַכט; ער האָט זיי איצט פאַרלאָזט, זיך געלאָזט פאַלן פון דעם סוינעס קויל. ער האָט געוואָלט אַראָפּרייסן דעם באַנדאַזש און לויפן צוריק צום פראָנט.

ער האָט דערהערט שטילע, לייכטע טריט. עס האָט זיך דערנעענטערט אַ יונגע פיגור אין ווייסן און האָט זיך באַלד באַוויזן לעבן זיין בעט.

אַ וואַרעמע ווייכע שטימע. אַ שטימע, וואָס האָט אים דער-מאָנט:

— געדענקסט? אויף דער שיף האָסטו מיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט פאַרוואונדעט ווערן, וואָלסטו געוואָלט, אַז איך זאָל דיר העלפן ווערן געזונט.

קלעמים אויגן זיינען געפלויגן צום פּאָנעם פון דער שטימע. די בלאָנדע האָר, די טיפע שוואַרצע אויגן! ס'האָט אים געקלאַפּט אין האַרצן. ער האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן. אָבער צוויי הענט האָבן אים צאַרט צוריקגעלייגט אויפן קישן:

— ליג רואיק.

זיין פּאָנעם איז געוועזן באַלויכטן מיט פרייד. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף זיין בעט און אים געגעבן אַ טרונק צו די ליפּן.

זי האָט געשמייכלט:

— ס'איז איצט מיין רו-שאַ, בין איך געקומען זען וואָס דו מאַכסט.

זיינע אויגן האָבן ניט פאַרלאָזט איר פּאָנעם. ער האָט געזען, אַז זי איז דאַרער געוואָרן. אָבער אירע אויגן זיינען געוואָרן שאַרפער. ער האָט זיך פּלוצלונג פאַרשעמט:

— ווען וועל איך קאָנען צוריקגיין צום פראָנט?

— ליג רואיק. ווען דו וועסט געזונט ווערן, וועט מען דיך צוריקשיקן.

— דזשאָן! — האָט דער פאַרוואונדעטער מיטן באַנדאַ-

זשירטן קאָפּ געדופן — אַ גלאָז וואַסער, איך בעט דיך.
— באַלד, סטאַך! איין מינוט!
זי איז אַרויס און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ גלאָז וואַסער.
— דזשאַן! — האָט אַ נעגער וואָלונטיר גערופן — זינג אונדז אַ ליד.
דזשאַן האָט זיך פאַררויטלט:
— ניין, ניט איצט.
— קאָנסט זינגען, דזשאַן? — האָט קלעמי געפרעגט.
— צי זי קאָן זינגען! — האָט געענטפערט אַ וואָלונטיר פון אַ בעטל — סאָרא פראַגע!
— דזשאַן — האָט קלעמי זי געבעטן — זינג, איך בעט דיך. ס'וועט מיר ווערן בעסער.
זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעטל. אַ שטראַל פון דער וואַרעמער זון איז געפאַלן אויף דער וואַנט און אויף אירע בלאָנדע ווייכע האָר.
זי האָט געקוקט אויף קלעמען און אירע ליפן האָבן זיך געעפנט. אַ ווייכע שטימע האָט געזונגען וועגן שפּאַניע, וועגן אירע פעלדער און אירע העלדן. יעדער אויער איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. איר שטימע איז געוואָרן העכער, קרעפטיקער. זי האָט זיך געטראָגן צו די, וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף:
— מיר וועלן אייך ניט פאַרגעסן.
אַ שוואוּע:
— מיר וועלן נעקאָמע נעמען! שפּאַניע וועט ווערן אַ פרייע!
און טיפע באַסן פון וואָלונטירן האָבן אַרויסגעהאָלפן און צוזאַמען געשוואוירן:
— נאָ פּאַסאַראַן!

• • •

קלעמי איז אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן פון שפּיטאָל. זיין האַנט איז נאָך אַלץ געווען אין גיפּס. ער האָט געלייענט, געשמועסט מיט די פאַרוואונדעטע, געשפּאַצירט אַרום דעם שפּיטאָל.

דער שפּיטאָל איז פאַר דער מילכאָמע געווען אַן אַלטער שלאָס. אַרום דעם שלאָס האָט זיך געצויגן אַ שטיינערנער, טונקעלער מויער.

קלעמי האָט נאָכגעקוקט ווי דזשאָן האָט געאַרבעט אַן אַן אָטעם. זי פלעגט מער ניט קאָנען זיצן מיט אים און שמועסן. עס זיינען געקומען פאַרוואונדעטע אָן אַן אויפהער. אָבער זינגען פלעגט זיך וועלן. און דאַפקע בעשאַס אַ לופט-אַטאַקע. באַנאַכט. ווען מען האָט געדאַרפט אויסלעשן דאָס ליכט. ווען פאַר-וואונדעטע פלעגן ליגן אין אַגאָניע, פלעגט זי זיי באַרואיקן, דער-מוטיקן מיט איר שטאָלצער שטימע.

קלעמי איז אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזער. יעדער טאָג האָט געבראַכט מער און מער פאַרוואונדעטע. מ׳האָט געדאַרפט האָבן בעטן. און דאָ ליגט ער, אַ געזונטער מענטש, פאַרוואונדעט בלויז אין האַנט. ער האָט געוואָלט צוריקגיין צום פראָנט, אָבער דזשאָן האָט אים דערקלערט, אַז זיין האַנט מוז זיך פריער פאַרהיילן, ווייל אין אַזאַ צושטאַנד וועט ער זיין מער אַ צאָרע, ווי אַ הילף.

• • •

ס׳איז געווען אַרום אַכט אַזייגער אין אָוונט. ס׳האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס זשומען פון אַן עראָפּלאַן אין די הימלען. דזשאָן איז געשטאַנען צו הילף בא אַן אָפּעראַציע. דער דאָקטער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט. אַלע האָבן זיך מיט שרעק צוגעהערט צום רויש אין הימל.

— שנעל! — האָט באַפוילן דער דאָקטער — נעמט די ליכט-וואָרפער און לעשט אויס די גרויסע לאָמפּן! ס׳איז אַן אַטאַקע אויפן שפּיטאָל!

דער שפּיטאָל איז פּלוצלונג געוואָרן פינצטער. אין אָפּע-ראַציע-צימער איז געשטאַנען דער דאָקטער און האָט פאַרבונדן אָדערן פון אַ מענטשלעכן לעבן בא דעם שוואַכן ליכט פון אַ האַנט-לעמפּל. מיט פאַרביסענע ליפּן האָט ער געשוואוירן:

— דאָס איז אַ לעבן, וואָס זיי וועלן ניט אַוועקרויבן!

• • •

עס האָט אויפגעריסן אַ באָמבע ניט ווייט פון שפּיטאָל.

— ס'איז אין שטעטל! — האָט עמעצער געזאָגט.

דזשאָן איז צוגעלאָפן צום פענצטער. אין דער פינצטערניש זיינען אירע אויגן געווען ווי צוויי קוילן פייער:

— ניט געענוג זיי, וואָס זיי פאַרוואונדן און פאַרקריפּלען סאָלדאַטן, ווילן זיי נאָך אויך אומברענגען די פאַרוואונדעטע!

אַן אַמבולאַנס איז אַריין אין הויף פון שלאָס. דזשאָן האָט זיך אַוועקגעריסן פון פענצטער און מיט די אַנדערע שוועסטער איז זי אַרויסגעלאָפן צום אַמבולאַנס.

מ'האָט איין פאַרוואונדעטן נאָכן צווייטן אַרויפגעלייגט אויף די טראָג-בעטלעך. עס איז אַרויס פון אַמבולאַנס אַ זעכצן-יאָריקער שפּאַנישער יינגל. זיין האַנט איז געווען באַנדאַזשירט מיט אַ שמאַטע, אויף וועלכער ס'האָבן זיך געזען גרויסע רויטע פלעקן. אָבער זיינע ערד-שוואַרצע אויגן האָבן געשיינט. ווען דזשאָן איז צוגעלאָפן צו אים, האָט ער אויפגעהויבן זיין פאַר-בלוטיקטע האַנט:

— איר זעט, שוועסטער, נאָ פּאַסאַראַן! זיי זיינען ניט אַדורך! — ער האָט מיט זיין קעשענע-מעסערל אַרויסגעשניטן די קויל פון זיין האַנט. מיטן „נאָ פּאַסאַראַן" האָט ער געמיינט, אַז די פאַשיסטישע קויל האָט זיך ניט אין גאַנצן געקאָנט אַדורכ-רייסן דורך זיין האַנט.

• • •

אויף מאָרגן נאָך דער אַטאַקע האָט מען דזשאָן געשיקט אין שטעטל אַריין איינקויפן פאַרן שפּיטאָל.

— קום, קלעם, מיט מיר אין שטעטל אַריין. אַ שפּאַציר וועט זיין גוט פאַר דיר.

זיי זיינען ביידע געטראָטן איבער דעם זאַמדיקן וועג צום שטעטל. זי אין איר ווייסן אוניפאָרם און ער — מיטן ווייסן באַנדאַזש.

די זון האָט געוואַרעמט און אַ קליין ווינטל האָט געקילט.

אין שטעטל איז געווען אומגעווייניטלעך שטיל. מען האָט געקאָנט פילן אַ טרויער אין דער לופט. אויף דער הויפּט-גאַס האָבן זיך קלעם און דזשאָן אָפּגעשטעלט. אויסגעלייגט באַ אַ

וואַנט זיינען געלעגן זעקס שטילע צעבלוטיקטע און צעבראָכענע קערפּערלעך פון קינדער. דזשאָן האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ.

צוויי שוואַרצע צעפּעלעך זיינען געלעגן אויפן טראָטואַר. צוויי שוואַרצע צעפּעלעך פון אַ מיידעלע, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט עפענען אירע אייגעלעך און באַוועגן מיט איר קעפּל מיט די טאַנצנדיקע צעפּעלעך.

קלעם האָט פּלוצלונג אַ ציטער געטאָן. דאָס מיידעלע האָט אים דערמאָנט אָן זיין „וועווערקע". און — עפּשער — האָט ער געטראַכט — עפּשער ליגט מיין „וועווערקע" אויך אַזוי. אויסגעצויגן און שטיל...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם וואָרט, וואָס ער האָט איר געגעבן באַם פּאַרלאָזן איר שטעטל.

— דזשאָן! — האָט ער אויסגערופן — דזשאָן! איך מוז די וואָך צוריקגיין צום פראָנט!

• • •

אין טאָג פון קלעמים געזעגענען זיך האָט זיך סטאַך געוואָרפן אין אַגאָניע. די דאָקטוירים האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט. סטאַך, דער שטאַלצער פּוילישער יונג, איז געלעגן אַ בלייכער אויף דעם בעט. אין צימער איז געווען שטיל. אַ שטילקייט פון ערע. אַ כאַוער פאַרלאָזט. גייט אַוועק.

דזשאָן און קלעמי זיינען געשטאַנען באַם בעט. סטאַך האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן רעדן:

— קלעם, דו גייסט צוריק צום פראָנט. ברענג זיי מיינע גרוסן. איך פיל, איך וועל שוין ניט קאָנען צוריקגיין.

קלעם האָט געפּרוואוט דערשלינגען אַ קנויל אין האַלדז, וואָס איז געוואָרן גרעסער און גרעסער.

סטאַכס שטימע איז מיטאַמאָל געוואָרן העכער:

— זינג, דזשאָן, זינג מיר אַ ליד, אויף אַ זיי געזונט — ער האָט אויפגעהויבן זיין פויסט, וועלכע איז פּאַמעלעך צוריקגעפאַלן אויף זיין בעט און האָט זיך מער ניט באַוועגט.

דזשאָן האָט געזונגען. אירע ליפּן זיינען באַנעצט געוואָרן

מיטן געזאָלצענעם טאַם פון טרערן. אָבער איר שטימע האָט אים צוגעזאָגט, איר האַרץ האָט אים צוגעזאָגט:

— נאָ פּאַסאַראַן!

• • •

קלעם און דזשאָן זיינען ביידע געשטאַנען באַם אַרויסגאַנג פון הויף. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט. אַ ליכטיקע לעוואָנע האָט באַלויכטן די הימלען. זיי האָבן ביידע אויף איר געקוקט, אָבער ניט מיטן סענטימענט פון פאַרליבטע, נאָר מיט האַס. זיי האָבן ביידע געפילט, אַז זיי וועלן מער ניט קאָנען קוקן אויף דער לעוואָנע מיט אַ געפיל פון ליבע: די לעוואָנע איז איצט געווען אַ הילף דעם סוינע. זי האָט אים באַלויכטן דעם וועג. אים באַלויכטן דעם וועג צו שפּיטאָלן, צו שטעט און שטעטלעך, וואו עס שלאָפן קליינע קינדער.

קלעמי האָט אַרומגענומען דזשאָן. זיי האָבן ביידע געקוקט אין דער ווייט.

— איך וועל דיך עפּשער קיינמאָל מער ניט זען, דזשאָן!

זי האָט אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל.

— די פרייהייט פון אַ לאַנד און אַ פאָלק איז וויכטיקער פון אונדזערע לעבנס, קלעם. די פרייד פון די צוקונפטיקע דורות איז וויכטיקער פון אונדז.

קלעם האָט זי צוגעדריקט צום האַרצן.

— מיר וועלן זיך עפּשער ווידער טרעפן אין דער פרייער שפּאַניע, דזשאָן. און אויב ניט — וועלן די צוקונפטיקע באַכערים און מיידלעך קאָנען געניסן פון אונדזער קאַמף.

קלעמי האָט זיך געלאָזט אויפן וועג. די לעוואָנע האָט גע־וואָרפן קלעמים לאַנגן שאָטן הינטער אים. דזשאָן איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן טויער. זי האָט ניט געוואוסט, וואָס עס האָט פאַרגאָסן אירע אויגן —

דאָס ליכט פון דער לעוואָנע, צי אירע טרערן...

• • •

קלעמי איז געלאָפן מיט די סאָלדאַטן, וואָס זיינען פּלוצלונג אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד. פיס זיינען ווידער געפלויגן איבער

שטיינער, איבערן פעלד, דורכן נעפּל און רויך. עס זיינען אויפ־געגאַנגען און האָבן זיך געלאָשן בליצן, פלאַמען פון טויט. דאָ — אַ געשריי; דאָרט — אַ היסטערישער קרעכץ. קוילן האָבן זיך ווילד צעלאָזן איבערן פעלד. סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיינען געפאַלן...

די ערד האָט הונגעריק געטרונקען דאָס פרישע זאַפטיקע בלוט — דאָס בלוט פון קעמפער פאַר דער פרייהייט פון אַ לאַנד! פון אַ וועלט!...

פון דעם סוינע איז געקומען אַ נייער, ווילדער, טויטלעכער אָנפאַל פון טויטנדיקע פייער־פליגן. קלעמי איז געלאָפן אַן איינ־געבויגענער. איצט וועלן זיי אים נ י ט טרעפן. זיין בלוט האָט געקלאַפּט אין די שלייפן. ער האָט זיך אַרונטערגעוואָרפן אויף די קני, געצילט, געשאָסן און ווידער גענומען לויפן פאָרויס.

אין זיין האַרץ האָט געקלאַפּט האַס. האַס ניט קעגן דעם קערפער, וואָס איז געלאָפן קעגן אים מיט דער ביקס, נאָר האַס קעגן דער מאַכט, וואָס האָט געשטויסן פינצטערע מענטשן קעגן אַן אומשולדיק פאָלק.

קלעמי האָט אַ דריק געטאָן זיין ביקס, ווידער גענומען צילן און נאָך אַ קערפער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז געפאַלן.

פון די הימלען האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן האַגלען מיט באָמבעס. די ערד האָט זיך אויפגעריסן, זיך געשטיקט מיט רויך. די צעפלאַנדיקע ערד האָט אַרומגעוויקלט די קערפּערס אויפן פעלד. אין די גריבער זיינען גערונען דינע שטראָמען בלוט. און דער צערייצטער ווינט האָט געזונגען אַ טויט וויג־ליד...

• • •

דזשאָן און קלעמי האָבן זיך מער קיינמאָל ניט באַגעגנט...

• • •

דער קילער פאַרטאָג האָט געפונען קלעמען אַן איינגע־שלאָפענעם אויף דער פייכטער שוואַרצער ערד.

באַם סאָף פון זיין לעבן האָט קלעם געטראַכט, אַז איצט, אַ פאַרוואונדעטער, וועט ער מער ניט קאָנען ברענגען קיין נוצן

אין שפּאַניע. ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף פאָרן צוריק קיין אַמעריקע און דאָרט פאָרזעצן די אַרבעט...

אָבער דער קילער פאַרטאָג האָט אים געפונען אַן איינגעשלאָפענעם אויף דער פייכטער שוואַרצער ערד. בײַ זיין זייט, שטייף אין זיין האַנט, איז געלעגן די ביקס.

די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון האָבן באַלויכטן זיין פּנים און אָפּגעשפּיגלט אַ מאָדנע רו און צופרידנקייט — קלעם האָט געקעמפט און איז געפאַלן פאַר זיין אידעאַל.



# דער זיג וועט נאָך קומען!

● סאַל ווינער

.1

אַכט אַזייגער אין אָוונט. ס'איז שוין גוט פינצטער, אָבער די פינצטערניש איז אַ גרויע. אַ געדיכטער נעפּל פאַרדעקט דעם וואַסער־פראָנט. אין דער לופט איז אַ מאָדנע פייכטקייט, אַזאַ, וואָס קומט נאָר נאָך אַ שניי. גרויסע קופּעס שניי ליגן באַ די זייטן פון גאַס. אין מיטן גאַס איז אַ בלאָטע. אויפן האָדסאָן שווימען אַרום שטיקער אייז — מען קאָן זיי זען פון דער ווייטנס. עס זעט אויס, ווי פאַר די אויגן וואָלט געלעגן אַ וועלט מיט וואָלקנס. קיין ווינט איז ניטאָ, אָבער ערגעץ אין דער טיפעניש באַוועגן זיך די שטיקער אייז, ווי אַן אומגעזעענע האַנט וואָלט זיי

געכאפּט און מיט זיך געשלעפּט. די וואַסערן פונעם טייַך קאָן מען ניט זען, מען הערט זיי נאָר.

אַ ריי שיפן, פּעסט איינגעאַנקערט, ליגן אין וואַסער, צו־געבונדן מיט שטריק און קייטן צו די „פּירס". פון דעם רעסטאָראַן, אויף יענער זייט גאַס, זעען זיי אויס ווי פאַנטאַס־טישע פיגורן, וואָס זייערע קאָנטורן זעען זיך קוים דורכן נעפּל. דער לאַמטערן, וואָס שטייט פונקט באַם רעסטאָראַן, זעט אויס פון אינעווייניק, ווי אַ ליכט, וואָס האַלט באַם אויסגיין. פון דעם „נעאָן"־שילד, וואָס הענגט איבערן אַריינגאַנג, און וועלכער ווערט ליכטיק און פינצטער יעדע פּאָר סעקונדעס, קאַפּען קעסיידער וואַסער־טראָפּנס.

דער נעפּל ווערט אַלץ דיקער. אַ גרויע וואַנט הענגט פאַרן רעסטאָראַן. אַלץ ווערט אויסגעלאָשן אין דער פינצטערניש.

אָפּט הערט זיך אַ טיפער ברום, ווי אַ דונער, ווען אַ קריע צעשמעטערט זיך אָן די סלופּעס פון דער בריק. עטלעכע שלעפּ־שיפן פירן אַרויס אַ גרויסע שיף צום יאַם.

אויף דער „פּליטלי", די שיף, וואָס ליגט איינגעאַנקערט פונקט אַנטקעגן דעם רעסטאָראַן, גייט אָן אַ גרויס געיעג. מען דאַרף זי גרייט מאַכן, ווייל זי שווימט אַרויס אין עטלעכע שאָ אַרום. דער זייגער, וואָס הענגט אויף דער וואַנט פונעם רעסטאָ־ראַן, ווייזט אויף האַלב נאָך עלף.

פונעם גרויסן עס־צימער אויף דער שיף הערט זיך טאַנץ־מוזיק. ס'איז טומלדיק. ייִנגלעך שרייען אויס אויפן קאָל: „קענדי, סאָדאַ ענד פּייפּערס היר..." די פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען שוין אויף דער שיף, רעדן און לאַכן צווישן זיך, אָדער טאַנצן צו דער מוזיק פון אָרקעסטער.

די „פּליטלי" איז אַ פּאַסאַזשירן־שיף, אָבער זי טראָגט אויך פראַכט. די מאַטראָסן טראָגן די שווערע פּעק פון דעם פּיר. זיי שוויצן און זידלען זיך.

אַלץ מער און מער פאָרן אָן מענטשן אין אויטאָמאָבילן און טראַמווייען צו דער שיף. קיין סאַך צייט בלייבט ניט. די

מאַטראָסן ענדיקן באַלד זייער ארבעט. ס'איז אַ פערטל נאָך צוועלף.

דער רעסטאָראַן איז פול מיט מענטשן — באַגלייטער און באַגלייטע. איך און מיינע צוויי פריינט, הערמאַן און ראָבערט, זיצן אין אַ ווינקל, בײַ אַ קליין טישל. איך קען הערמאַנען זייער לאַנג. מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען אין שול און אין אוניווערזיטעט. ראָבערטן האָב איך באַגעגנט מיט אַ וואָך צוריק אין די צימערן פון די „פריינט פון לינקאָלן באַטאַליאָן". מיר האָבן אים איצט דערזען, ווען ער איז אריין אין רעסטאָראַן נאָך אַ גלעזל טיי.

הערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן:

— איך וועל באַלד צוריקקומען. כ'גלויב, אַז מיינער אַ פריינט שטייט לעבן פענצטער. כ'גיי אַ קוק טאָן.

— לעסטער, דערצייל מיר וועגן דיין פאָרן קיין שפּאַניע — זאָגט ראָבערט.

— איך, ראָבערט, בין ביז דעם אָנהויב פון דעם כוידעש געווען אַ באַלעט-טענצער.

— וואָס האָסטו געזאָגט? אַ באַלעט-טענצער? אויב אַזוי, בין איך דיר ניט מעקאַנע. אַ קויל אין פוס, און — אוים באַלעט!

— אַזוי האָט אויך מיין דירעקטאָר געזאָגט. ער האָט געמיינט, אַז מיינע פיס זיינען וויכטיקער ווי שפּאַניע. אָבער איך האָב אים געענטפערט, אַז כ'פאָר, און פאַרטיק! אין יענע טעג האָב איך געהאַט אַ סאַך צו טאָן. אָבער ס'איז מיר אָנגעקומען גרינג. דעם 10טן האָב איך געקראָגן מיין פּאַספּאָרט און דעם 20טן האָב איך שוין געדאַרפט פאַרלאָזן אַמעריקע אויף דער „פּליטלי".

איין זאַך איז מיר געווען שווער: כ'האָב ניט געוואוסט וואָס צו דערציילן מיינע עלטערן און שוועסטער. אָבער הערמאַנען איז ענדלעך איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק. „מיר וועלן זיי זאָגן, אַז דו פאָרסט אויף וואַקאַציע, אין קעמפּ. און שפּעטער וועסטו זיי שוין אַליין אָנשרייבן."

—נו — האָט זיך ראָבערט אויפגעהויבן — ס'איז פינף מינוט צו איינס, מיר דאַרפן גיין.

מיר האָבן צוגערופן הערמאַנען, און זיינען אַלע אַרויס. אין דרויסן איז געווען פיין, קאַלט. מיר זיינען צוגעגאַנגען צום פיר, זיך געזעגנט מיט הערמאַנען און זיינען אַרויף אויף דער שיף.

דאָס בריקל האָט זיך אויפגעהויבן, דער שווערער אַנקער איז אַרויסגעצויגן געוואָרן פון וואַסער, און די שיף האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, צוערשט — פּאַמעלעך, דערנאָך שנעלער און שנעלער...

— ראָבערט, איך בין עפּעס אומרואיק. לאָמיר מאַכן אַ שנעפּסל — זאָג איך.

— אַ גוטער געדאַנק — ענטפערט ראָבערט — קום!

דער סאַלאָן איז קימאַט ליידיק. מיר גייען צו צום בופעט, קויפן אַ פלעשל שנאַפּס און גייען אַוועק צו זיך אין קאַבין. מען פילט אָן די גלעזלעך:

— פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק! — זאָגט ראָבערט.

— פאַר שפּאַניע! — ענטפער איך.

.2

אַ טייוול ליגט באַ מיר אין קאָפּ... ער לעקט זיינע רויטע ליפּן מיט דער צוויי־שפּיציקער צונג און לאַכט... אין איין האַנט האַלט ער אַ ווילע, אין דער אַנדערער — אַ האַמער... ער אַרבעט ריטמיש: פריער — אַ שטאָך מיט דער ווילע הינטער דעם רעכטן אויג, אין די נערוון. דערנאָך — אַ קלאַפּ מיטן האַמער אין רעכטן שלייף. ווידער אַ שטאָך, דאָס מאָל אין די נערוון פון לינקן אויג, און — אַ קלאַפּ אין לינקן שלייף. נאָך אַ קלאַפּ, און נאָך אַ שטאָך, אַ שטאָך, אַ קלאַפּ... דער קאָפּ ווערט צעשפּאָלטן.

אין בויך גייט כאַדאָראַם. אין האַלדז איז ווי אין אַ מידבער. סע ברענט ווי אַ פייער, און עס רייסט ווי אין אַ זאַמד־שטורעם. פלוצלונג שפּריצט מיך אָפּ אַ קאַלטע כוואַליע. איך עפן די

אויגן — ראָבערט שטייט איבער מיר.

— גוט, וואָס דו ביסט שוין אויף. ווי פילסטו זיך?

— ניט זייער גוט!

— גיי אַריין אין וואַש־צימער און נעם אַ וואַרעמען שפּריץ. וועסט זיך פילן בעסער.

איך הויב זיך אויף און גיי אַריין אין וואַש־צימער. דער שפּריץ פרישט מיך אָפּ און דערמונטערט מיך. מיר עסן אָפּ און גייען צוזאַמען אַרויף אויפן דעק.

— ראָבערט, נעכטן באַנאַכט האָסטו מיר עפּעס אָנגעהויבן צו דערציילן. איצט געדענק איך עס שוין ניט.

— האָסט זיך גוט אָנגעטרונקען, לעסטער... לאָמיר זיך צו־זעצן. די געשיכטע איז וועגן מיר אַליין. כ׳האָב קיינעם וועגן זיך נאָך ניט דערציילט, אָבער, אַז כ׳האָב שוין יאָ אָנגעהויבן, וועל איך פאַרענדיקן.

— בעסער הויב אָן פון אָנהויב. כ׳געדענק גאָרנישט.

— מיין עלטער־עלטער־זיידע — האָט ראָבערט אָנגעהויבן — איז געווען אַ יונגער באָכער, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. ער איז אין גאַנצן אַלט געווען ניינצן יאָר, אָבער געווען אַ גוטער יאַקאָבינער. אין 1795 האָט מען אים דערהאַרגעט. ער האָט געלאָזן אַ ווייב מיט אַ קינד.

מיין עלטער־זיידע איז געווען, ווי דער טאַטע זיינער — אַ מענטש, וואָס האָט געגלויבט אין דער ביקס מיט דער שווערד. אים האָט מען דערהאַרגעט אין יאָר 1831. ער האָט אויך איבער־געלאָזן אַ ווייב מיט אַ יונג קינד.

מיין זיידע איז געווען שטילער פון זיין טאַטן, און פון זיין זיידן — אַוודאי. דערפאַר אָבער האָט ער געלעבט מיט פופציק יאָר לענגער פון דעם טאַטן זיינעם. ער איז געשטאָרבן אין 1904.

מיין טאַטע איז געווען דער שטילסטער פון זיי אַלע. ער איז געווען אַ קליינער, קיין שווערע אַרבעט האָט ער ניט געקאָנט טאָן. ער האָט פאַרקויפט בלומען אין ניס, פראַנקרייך.

איך בין געבאָרן געוואָרן אין פראַנקרייך, אָבער ווען איך בין אַלט געוואָרן 16 יאָר בין איך אַנטלאָפן פון דער היים. איך

בין אזוי ווי מיין עלטער-עלטער-זיידע, און ווי מיין עלטער-זיידע זיינען געווען. אבער איך בין ניט קיין טעראריסט. איך גלויב אין דעמאקראטיע.

צו זיבעצן יאר בין איך שוין געווען אין זיד-אמעריקע, וואו איך האב אנטייל גענומען אין עטלעכע רעוואלוציעס. ווען מוסאליני האט אנגעהויבן פארכאפן עטיאפיע, בין איך אוועק-געפארן אהין און האב זיך געשלאגן קעגן איטאליע. מיט פיר כאדאשים צוריק בין איך געקומען קיין אמעריקע און איצט פאר איך זיך שלאגן פאר דער שפאנישער דעמאקראטיע.

• • •

אין ראבערטס קאבין זיצן מירביידע און שרייבן בריוו אהיים. ראבערט שרייבט קיין אמעריקע, צו זיין ווייב, מיט וועלכער ער האט ניט לאנג כאסענע געהאט. איך שרייב צו מיין טאטן און צו הערמאנען. איך ענדיק די בריוו און פאר-טראכט זיך. עס פאלט מיר איין א געדאנק: איך פאר קיין פראנקרייך און קען ניט קיין פראנצויזיש. ראבערט איז דאך א פראנצויז. ער קאן מיר דערוויילע לערנען די שפראך. ראבערטן איז דער געדאנק זייער געפעלן געווארן:

— מיר וועלן א סאך קאנען אויפטאן, ביז מיר וועלן אנ-קומען!

— איך האף אזוי!

• • •

היינט איז דער 25טער דעצעמבער. מיר קאנען שוין זען די ברעגן פון פראנקרייך. זיי וואקסן אויס פאר אונדזערע אויגן. ענגלאנד ליגט שוין הינטער אונדז. מיר קומען אריין אין בריטישן קאנאל. די שיף קומט צו צום האפן פון לע-האוור.

לע-האוור איז אן אלט-בריטאנישע שטאט, א שיינע. ווען א שיף קומט אריין, באגעגענען זי הונדערטער מענטשן באם פיר. זיי זינגען און שרייען צו די פאסאזשירן.

א יונגער מאן באגעגנט אונדז אויפן פיר, און ער פירט אונדז אוועק אין פאריז. ער ברענגט אונדז אין פאריזער אפיס פון די „פריינט פון לינקאלן באטאליאן", וואו מען רעגיסטרירט אונדז

און מען זאָגט אונדז, מיר זאָלן זיך אויסרוען עטלעכע טעג. מען וועט אונדז רופן, ווען מען וועט אונדז דאַרפן.

אויפן פינפטן טאָג האָט מען מיך אַריינגערופן אין אָפּיס. איך גיי אַריין צום אָפיצער, בײַ וועלכן איך בין געווען דאָס ערשטע מאָל.

— האַלאָ, לעסטער, וואָס מאַכסטו?

— פיין, אַ דאַנק.

— וועסט דאַרפן אין קורצן אַוועקפאָרן, דערפאַר האָב איך דיך גערופן.

— וואָס שנעלער, אַלץ בעסער.

דער אָפיצער הויבט זיך אויף מיט אַ שמייכל, גייט אַרויס און קומט צוריק אַריין מיט פיר יונגעלייט.

— דאָס, לעסטער, זיינען: ווילים, בירנבוים, ראָזען און ליבסקי. זיי זיינען, ווי דו, אַמעריקאַנער. דו וועסט זיין פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זיי. פון דער מינוט אָן ביסטו זייער פירער. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען.

— איר וועט פאָרן פון פאַריז גלייך ביז ביזייאַר. דאָס איז אַ שטאָט אין דאָרעם טייל פון פראַנקרייך, אויף דעם גרענעץ. די גאַנצע רייזע וועט געדויערן דרייצן שעה.

ער לאָזט אָפּ די אַנדערע און זאָגט מיר, איך זאָל פאַר־בלייבן נאָך אַ ווײַלע. זיי גייען אַרויס, און ער בלייבט אַ ווײַלע פאַרטראַכט מיטן פּאָנעם אין די הענט. דאַן גלייכט ער זיך אויס און זאָגט:

— לעסטער, דאָס וואָס איך וועל דיר זאָגן, איז זייער וויכטיק.

— איך הער.

— ווען איר וועט אָנקומען קיין ביזייאַר, וועסטו דערזען פונקט אַנטקעגן דער סטאַנציע אַ קליינעם פּאַרק. אַהין וועסטו צוגיין און וואַרטן. שטיי לעבן אַריינגאַנג און לייען אַ צייטונג. צו דיר וועט צוקומען אַ מאַן, אַ בלאָנדער, מיט גרויע אויגן, אַ גרויסער און ברייטביינערדיקער באָבער. ער איז פון דער

ביזײַיאָרער אָפּטײלונג פֿון די „פּרײַנט". ער וועט דיר זאָגן, וואָס צו טאָן.

ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט, געוואונטשן גליק, און איך בין אַרויס. די פֿיר באָכערים האָבן געוואַרט אויף מיר לעבן דער געביידע. ווילים האָט גערעדט מיט ראָבערטן.

— פֿון וואַנעט קענט איר זיך? — האָב איך געפֿרעגט בײַ ראָבערטן.

— איך האָב אים באַגעגנט אין עטיאָפּיע לעצטן יאָר — ענטפֿערט ראָבערט — ער איז געווען אַ פֿאָטאָגראַפֿער, געאַרבעט פֿאַר די ניו־יאָרקער צײַטונגען.

— אויב אַזוי, וועט ער זיכער זײַן נוצלעך אין שפּאַניע.

— נו, לעסטער, וואָס שטייען מיר דאָ? לאָמיר ערגעץ גיין זיך אָפּרוען — מאַכט ראָבערט.

— אוממעגלעך, כ'בין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אָט די פֿיר קינדערלעך.

מיר צעלאָכן זיך אַלע און גייען אַרײַן זען אַ פֿראַנצויזישע מאַווי. דערווײַלע באַקענען מיר זיך איינער מיט דעם אַנדערן. ווילים און בירנבוים זײַנען ניו־יאָרקער. בירנבוים איז אַ מע־כאַניקער. ער פֿלעגט אַרבעטן אויף דעם פֿלויד־בענעט לופֿט־פֿעלד אין ניו־יאָרק. ליבסקי איז פֿון קאַליפֿאָרניע. ער איז געווען אַ פֿאַריער־אַרבעטער אין זיד־קאַליפֿאָרניע. ער קען גוט רעדן שפּאַניש. ראָזען איז פֿון ניו־דזשוירזי. ער איז אַן אויטאָמאָביל־מעכאַניקער.

ווען מיר קומען אַרויס פֿון טעאַטער איז שוין זיבן אַזייגער. איך זאָג:

— בעוורע, איר אַלע גייט אויף די פּלעצער, וואו איר וואוינט. פּאַקט אײַן אײַערע זאַכן און באַגעגנט מיך דאָ אין פֿינף און פֿערציק מינוט אַרום.

זיי גייען אַלע אוועק. איך און ראָבערט לאָזן זיך צו אונדזער האָטעל.

— נו — זאָגט ער — פֿאָרסט שוין אוועק, הא?

— ניין, מיר פאָרן אוועק מאָרגן, האַלב נאָך צען אין דער פרי.
— אויב אַזוי, וועל איך דיך נאָך זען — צעלאַכט ער זיך.

• • •

מאָנטיק אין דער פרי. מיר, אַלע פיר, זיינען איינגעשטאַנען די נאַכט אין אַיין האָטעל. ניין אַזייגער זיינען מיר שוין געווען פאַרטיק צום פאָרן. מיר קלייבן זיך צו גיין צו דער סטאַנציע, ווען ראָבערט קומט אָן. ער איז אָן אויסגעוויקטער.
— וואָס האָט פּאַסירט? — צעלאַכט זיך ווילים — ביסט אַריינגעפאַלן אין דער סענע, וואָס דו ביסט אַזוי צעווייקט?
— גיב אַ קוק אין דרויסן, וועסטו זען — ענטפערט ראָבערט מיט אַ שמייכל.
אין דרויסן איז אַ גוס רעגן. עס בלאָזט אַ שטאַרקער שניידנ־דיקער ווינט. איבערן קאָפּ הענגען שוואַרצע וואָלקנס.
אַ פערטל צו צען זיינען מיר שוין אויף דער סטאַנציע און וואַרטן אויף דער באַן. ראָבערט און ווילים רעדן צווישן זיך. ראָזען און בירנבוים לייענען אַ פראַנצויזישע צייטונג. ליבסקי שרייבט. דערווייַלע קומט אָן די באַן. באַם צעשיידן זיך פרעגט בּאַ מיר ראָבערט:
— לעסטער, וואָס טראַכסטו צו טאָן אין שפּאַניע?
— איך וויל ווערן אַ פּליער.
— איך וויל עס אויך טאָן. לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן זיין צוזאַמען.
ווען די באַן פאַרלאָזט די סטאַנציע, זאָגט ווילים וועגן ראָבערטן:
— ער איז איינער פון די בעסטע קעמפער. וואָס איך האָב ווען ניט איז געזען. וואָס שנעלער ער וועט קומען קיין שפּאַניע, אַלץ בעסער.

• • •

מיר זיצן אין דער באַן צען שעה. די בענקלעך זיינען הילצערנע, האַרטע. ס'ווערט שווער צו זיצן.
איך באָרג בּאַ ליבסקין לעזנים „רעוואָלוציע פון 1905". איך

האָב עס שוין עטלעכע מאָל געלייענט, אָבער ס'איז נאָך אַלץ אינטערעסאַנט...

איך לייען אַ שאָ און נאָך אַ שאָ. כ'הויב אויף מיין קאָפּ. אין דרויסן רעגנט נאָך אַלץ. אָפּט דונערט און בליצט.

פלוצלונג דערפיל איך, אַז מיר פאָרן שוין מער ניט איבער דער ערד. איך הער דאָס מורמלען פון וואַסער אַרום אונדז. די באַן פאָרט איבער אַ בריק. זי שאָקלט זיך, ווי זי וואָלט גע־האַלטן באַם צוזאַמענברעכן. דערנאָך פיל איך, ווי מיר פאָרן שוין ווידער איבער דער ערד. .

ס'דערהערט זיך אַ שרעקלעכער קראַך. די באַן גיט זיך אַ שלעפּ אויף צוריק. איך צעקלאַפּ מיין קאָפּ אָן עפּעס אַ האַרטער זאַך. אַ טיפע פינצטערניש רינגלט מיך אַרום...

ווען איך קום צו זיך, טוט מיר שטאַרק וויי דער קאָפּ. איך זעץ זיך אויף. ליבסקי קומט צו מיר צו.

— וואָס איז געשען, וויסטו?

— די בריק האָט זיך אונטערגעבראָכן אונטער די לעצטע וואַגאָנען, און זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין וואַסער. דאָרטן איז געווען נאָר פראַכט, נאָר אָן אויפזעער איז, ווייזט אויס, אויך אַריינגעפאַלן. איצט שטייען מיר אויף אָן אָרט.

איך רוף צו צו זיך די איבעריקע:

— כעוורע, מיר מוזן גלייך אַוועק קיין ביזייאַר, אַפילע צו פוס.

— ס'איז אוממעגלעך, לעסטער, די בלאָטע איז איבער די קני — זאָגט ווילים.

— מיר מוזן גיין!

— מיר וועלן גאָרנישט דערגרייכן. לאָמיר בעסער אָפּ־וואַרטן, אַ באַן וועט אין גיכן אָנקומען — זאָגט ווילים.

ס'בלייבט, אַז מיר וועלן וואַרטן.

דער אינדערפרי איז אַ שטילער. די כמאַרעס זיינען פאַר־שוואונדן. די זון ברענט און טריקנט די צעווייקטע ערד.

ווילים פירט מיך צו צו דער איינגעפאַלענער בריק. אונטער אונדז וואַרפט זיך מיט אימפעט דאָס שטורעמדיקע וואַסער.

ביימער, שטיקער מעבל און פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן טראָגן זיך איבערן וואַסער. באַם ברעג ליגן די איבערגעבליבענע שטיקער פון די פראַכט-וואַגאָנען, וואָס זיינען צעשמעטערט געוואָרן אויף שטיקער.

ווילים גייט צו צו זיין רענצל און נעמט אַרויס זיין מואווי-קאַמערע. ער נעמט בילדער פון דעם אַרומיקן לאַנד, פונעם טייך, פון דער צעפאַלענער בריק, פון דער באַן, וואָס ליגט טיילווייז אויף דער זייט, פון די צעדרייטע רעלסן, פון די פּאַסאַזשירן און די אַרומיקע פאַרמער, וועלכע זיינען געקומען אַ קוק טאָן אויפן כורבן.

ניין אַזייגער איז אָנגעקומען די באַן פון ביזייאַר, וועלכע האָט אונדז אַלעמען פאַרנומען. אין אַ האַלבער שאָ זיינען מיר שוין געווען דאָרטן.

אַרויסגייענדיק פון דער סטאַנציע, הייס איך מיינע כעוורע אַריינגיין אין רעסטאָראַן איבערבייסן. אַליין גיי איך אַוועק אין פּאַרקל. לאַנג קומט מיר ניט אויס צו וואַרטן. עס קומט צו מיר צו אַ מאַן, וועלכן איך דערקען באַלד לויט דער באַשרייבונג. ער זאָגט צו מיר: „איך האָב שוין געהערט וועגן דעם צופאַל באַ דער בריק. נאָר, אַבי איר זייט שוין דאָ. דו און דיינע כאַווירים טאָרן דאָ ניט בלייבן. די פּאָליציי ווייס שוין, נאָך וואָס איר זייט אַהער געקומען." ער הייסט אונדז פאָרן קיין סעטיי, אַ שטאָט אויפן מיטללענדישן יאַם. ער ווייזט אויך אָן אויף אַ קאַפע, אין וועלכער מיר וועלן קאָנען מאַכן די נויטיקע פאַרבינדונגען מיט דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון די „פריינט". דער פּאַראָל פון די דאָרטיקע „פריינט" איז: „שפּילסט שאָך?"

• • •

מיר קומען אָן קיין סעטיי ניי-יאָר אָוונט. מיר נעמען צוויי צימערן אין אַ האָטעל, און איך גיי צו אין קאַפע.

די קאַפע איז אין אַ קעלער. ס'איז טונקל. איך גיי אַריין און זעץ זיך אַנידער. ס'איז זייער נאַס און פייכט. די פייכטקייט נעמט דורך ביז די ביינער. איך נעם אַ צייטונג און פּרוביר לייענען. איך הער, ווי באַ אַ צווייטן טיש דיסקוטירט מען די

פראגע, צי פראנקרייך זאל העלפן דער שפאנישער רעגירונג, צי ניט.

איך הויב זיך אויף פון מיין בענקל און גיי צו צו א טיש, וואו עס ליגן צייטונגען און זשורנאלן.

— שפילסטו שאך?

איך ווער אזוי איבערראשט, אז איך ווייס ניט וואס צו זאגן. די ווערטער זיינען געווען אזוי אומדערוואַרט. איך הויב אויף מיין קאפ און ענטפער:

— יא, שטעל אוים די פיגורן — און שטילערהייט פרעג איך: — וואס דארפן מיר איצט טאן?

דער מאן זעצט זיך אנידער קעגן מיר. איך קוק זיך צו. ער איז אן עלטערער מענטש, מיט ווייסע האר, מיט א צעקנייטשטן פּנים.

ער זאגט, ווייזנדיק אויף דעם האטעל קעגנאיבער:

— זעסט יענעם האטעל?

— יא.

— קלייבט זיך אריבער אהין און וואַרט אויף אינסטרוק־ציעס. איצט לאמיר פארענדיקן אונדזער שאך, און דו וועסט גיין אהיים. איר מוזט זיין זייער פארזיכטיק. דא זיינען פאראן אין שטאט א סאך רעגירונג־שפיאנען, וואס זוכן אזעלכע, ווי דו און דיינע כאווײרים.

• • •

מיר זיינען שוין אלע געווען אין דעם אנגעוויזענעם האטעל. ס'איז שוין צוועלף אזייגער באנאכט. ליבסקי זיצט אין א ווינקל און שרייבט שוין ווידער אין זיין ביכל. ראזען און בירנבוים דרעמלען אין די קליידער. ווילים שלאפט. מיטאמאל הערן מיר, ווי עמעצער שפאנט אויף די טרעפ. א קלאפ אין טיר! איך ריים זיך ארוים פון בעט, ווארף ארויף מיין מאנטל און פרעג שטיל:

— ווער איז?

ס'ענטפערט א באקאנטע שטים:

— איך!

דאָס איז דער כאַוועך פון דער קאַפּע. איך עפן פאַרזיכטיק די טיר. ער קומט אַריין, און איך פאַרמאַך שנעל הינטער אים די טיר.

— מיר פאָרן? — פרעג איך.

— איך גלויב אַזוי.

ליבסקי הויבט אויף דעם קאָפּ. ער דערהערט דאָס וואָרט: „פאָרן", ווערט ער פריילעך און שרייט אויס:

— טעד, סעם, דזשאָ! מיר פאָרן!

ווילים כאַפּט זיך אויף און פרעגט פון שלאָף:

— וואָס?

— מיר פאָרן היינט באַנאַכט קיין שפּאַניע!

— וואָ... אָס? שוין לאַנג צייט געווען!

ער שפּרינגט אַרויס פון בעט און טוט זיך אָן. די אַנדערע צוויי זיינען אויך אויף.

— כעוורע, פּאַקט איין אייערע זאַכן. ווילים, פּאַק איין אויך מיינע — זאָג איך, און בײַ דעם כאַוועך פרעג איך: „וואָס דאַרפן מיר טאָן?"

ער גיט אונדז אַלע אינסטרוקציעס, און מיר גייען אַרויס. ווילים וויל זינגען, אָבער מיר קאָנען זיך איצט אַזעלכע פרייהייטן ניט דערלויבן.

מיר קומען צו צום וואַסער-פראָנט און דערהערן דאָס פּליעסקען פון די כוואַליעס. מיר גייען צו צו אַ מאַגאַזין און קלאַפּן אָן אין טיר.

— ווער איז? — דערהערט זיך פון אינעווייניק אַ קאָל.

— די פינף... — איך דאַרף שוין ניט ענדיקן. די טיר עפנט זיך, און מיר גייען אַריין.

דער צימער איז אַ גרויסער, אָבער פּלאַץ איז דאָ ווייניק. גרויסע פּעק שטייען איינס אויפן אַנדערן. דאָ און דאָרטן ליגן צעעפנטע פראַכט-קעסטלעך.

דריי מענער זיצן אין צימער אַרום אַ פּאַק, וואָס דינט זיי פאַר אַ טיש. איינער פון זיי איז אַ מאַטראָס, מיט אַ קאַפּיטאַנען-היטל אויפן קאָפּ. ער פרעגט:

— ווער איז אײַער פירער?

איך שטעל זיך פאַר. ער פירט מיך צו צום פענצטער און ווײַזט אויף אַ שיפל, וואָס ליגט אין וואַסער אנטקעגן מאַגאַזין.

— איר דאַרפט אײנציקווײַז אַריבער אויף יענער זײַט גאַס און אַרײַנשפּרינגען אין שיפל.

— כעוורע — זאָג איך — קומט!

ווילים עפנט די טיר און גײט אַרויס דער ערשטער. איך גײ דער לעצטער. אײנציקווײַז שפּרינגען מיר אַרײַן אין שיפל. אַ מאַטראָס פירט אונדז אַרײַן אין אַ קאַבינע מיט פאַרהאַנגענע פענצטער און פאַרהאַקט די שווערע הילצערנע טיר.

— אַבי מיר פאָרן שוין קײן שפּאַניע! — זאָגט ליבסקי.

• • •

פון אײן זײַט שטײען עטלעכע בענקלעך און אַ טיש, אויפן טיש — אַ ראַדיאָ. פון דער אַנדער זײַט צימער שטײען צװײ בעטן. זעקס פון זײ זײַנען פאַרנומען. ווען מיר קומען אַרײַן, גײט אונדז אײנער אַנטקעגן און שטעלט זיך פאָר אונדז פאַר:

— מיר זײַנען אַלע וואָלונטירן. איך בין וואַלטער טאַפּסל, דאָס איז מײַן גרופּע — און ער שטעלט אַלעמען פאָר. מיר האָבן זיך אַלע באַקענט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טאַפּסלס גרופּע איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע: צוויי ענגלענדער, צוויי האָלענדער, אײן קאַנאַדער און אײן אויסטראַליער.

דאָס פאָרן האָט געזאָלט נעמען בלויז צוויי טעג. אָבער די פּאָר טעג זײַנען פאַריבער, און מיר זײַנען נאָך ניט געווען אין שפּאַניע. מיר האָבן ניט געקענט אַרויס אין דרויסן. קײן פענצטער אין צימער האָט מען ניט געטאָרט עפענען. דורך די ווענט האָט זיך געפילט די היץ פון דער מאַשין־אָפּטײלונג. די וואָלונטירן זײַנען געוואָרן נערוועז.

ערשט, ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דער קאַפּי־טאַן אונדז דערצײלט, וואָס עס איז פאָרגעקומען: ווען מיר זײַנען אָנגעקומען קײן באַזאַס, האָבן מיר זיך דאַרטן ניט געקאָנט אָפּשטעלן, ווײַל לעבן שטאָט איז געלעגן אַ גרויסע קריגשיף און האָט באָמבאַדירט די שטאָט. האָבן מיר געדאַרפט פאָרן ווײַטער.

איצט זיינען מיר אין פּאַלאַמאַס. דאָ דאַרפן מיר אויסשטייגן.

פון פּאַלאַמאַס האָט מען אונדז אַלעמען צעשיקט אין פאַר־שיידענע פּלעצער. איך און ווילים גייען זיך לערנען פליען. בירנ־בוים און ראָזען פאָרן אין קורצן אַוועק צו דינען ווי מעכאַניקער. מיט זיי פאָרן אויך דער ענגלענדער און דער קאַנאַדער. טאָפּסל און די האָלענדער גייען ווערן סאָלדאַטן. ליבסקי און דער אויסטראַליער ווערן טאַנקיסטן.

אין דער פרי זיינען זיך אַלע צעפאָרן.

• • •

טייערער טאַטע, שוועסטער און לאַרי:

עס טוט מיר לייד, וואָס די לעצטע עטלעכע כאַדאָשים האָב איך צו אייך ניט געשריבן. כ'האָב היינט די ערשטע פאַר פרייע שאָ.

איך בין שוין אַ גראַדואירטער פליער. מען האָט מיר היינט געגעבן אַן עראָפּלאַן. מ'קאָן מיט אים פליען 300 מייל אַ שטונדע. מען האָט אונדז אויך אויסגעלערנט ווי אַזוי צו נוצן מאַשין־ביקסן.

מיר האָבן זיך באַפריינדט מיט די איינוואוינער פונעם שטעטל. אָפט פלעגן מיר דורכפירן פאַר זיי קאָנצערטן, שפּילן און טענץ. מיר פלעגן אויך אָפט אַרויסהעלפן די פּויערים אויף די פעלדער.

איצט אָבער שטייט אונדז פאָר אַן ערנסטערע אַרבעט...

איך האָף, אַז איר אַלע פילט זיך גוט. גריסט הערמאַנען און אַלע מיינע כאַווײרים.

אויף ווידערזען,

אייער,

ל ע ס ט ע ר

• • •

— לעסטער, האָסט שוין געענדיקט שרייבן? — הער איך ווי ווילים שרייט פון זיין צימער.

— יאָ, איך קום באַלד אַרויס. עס וויל מיך ווער זען?

— דער קאָמאַנדיר וויל זיך מיט דיר דורכרעדן.

איך לייג אַריין מיין בריוו אין אַ קאָנווערט און לאָז אים איבער אויפן טיש. דערנאָך טו איך זיך אָן און גיי צו צום קאָמאַנדירס אָפּיס.

— זעץ זיך, לעסטער — זאָגט דער קאָמאַנדיר.

איך זעץ זיך אַנידער.

— ביסט אין אַמעריקע געווען אַן אָרגאַניזער, האָסט גע־האָלפן בויען יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, עמעס ?

— יאָ.

— עס פעלט מיר אַן אָפּיצער. איך וויל דיך באַשטימען פאַר אַן אָפּיצער. וועסט זיין אַן אָנפירער פון דריי אויף דעם לופט־פעלד.

איך בין זייער צופרידן און באַדאַנק אים.

• • •

אין אונדזער סקוואַדראָן זיינען פאַראַן עטלעכע רוסישע פליער. זיי זיינען די בעסטע. ביז היינט האָבן זיי צעשאָסן אַרום 25 פאַשיסטישע עראָפּלאַנען. גלייך נאָך זיי קומען די צוויי דייטשע וואָלונטירן, מיט אַ דורכשניט פון ניין אַרונטער־געשאָסענע פאַשיסטן. אַרום און אַרום האָבן מיר פאַרענדיקט די קאַריערעס פון אַרום 60 פאַשיסטן.

מיר האָבן פאַרלאָרן ניין יונגע כאַווירים. דריי פון זיי זיינען יידן, די אַנדערע זעקס — פּאָליאַקן און ענגלענדער.

היינט דאַרף איך אַרויספליען מיט ווילסן נעמען בילדער פון די פאַשיסטישע ליניעס.

צען אַזייגער. מיר פליען שוין אַ שאָ און אַ האַלב. ווילס ענדיקט באַלד נעמען זיינע בילדער.

— לעם — הער איך דורכן טעלעפאָן — קאָנסט זיך שוין אומקערן. כ׳האָב געענדיקט. די בילדער זיינען וואונדערבאַרע.

איך דריי אוים דעם עראָפּלאַן, און מיר פליען צוריק צום פעלד. מיר פליען איבער די פאַשיסטישע טרענטשעס. פּלוצלונג באַווייזן זיך אַרום אונדז עטלעכע געלע כמאַרעס.

— לעם — פלי העכער ! מען שיסט אויף אונדז !

— גוט !

מיר פליען איצט אַרום פיר טויזנט פוס איבער דער ערד. אונטער אונדז זעט דאָס שלאַכט-פעלד אויס ווי אַ בלאַטע, אין וועלכער עס לויפן אַרום טויזנטער מוראַשקעס. דאָ און דאָרטן זעען מיר דעם רויך, ווען אַ באָמבע ווערט אַרויסגעשאָסן פון אַ קאַנאָן.

— לעסטער, גיב אַ קוק רעכטס. מיר דוכט זיך, אַז דאָרטן גייט אָן אַ שלאַכט צווישן אונדזערע און פאַשיסטישע עראָ-פּלאַנען.

איך קוק זיך איין אין מיין פעלד-בינאָקל.

— דו ביסט גערעכט! ס'איז הינטער אונדזערע ליניעס.

מיר פליען אַהין און גרייטן אונדזערע מאַשין-ביקסן. עס נעמט ניט לאַנג, און מיר העלפן פאַרטרייבן די פאַשיסטן. די נייע רוסישע מילכאָמע-עראָפּלאַנען זיינען אַ סאַך בעסער פון די דייטשע און איטאַליענישע. זיי זיינען פלינקער, און ס'איז מיט זיי לייכטער צו אַרבעטן. זיי זיינען בעסער געבויט.

מיר פליען שוין צו אונדזער היים-פעלד. פּלוצלונג פּאַסירט עפּעס מיטן מאָטאָר. ער הויבט אָן צו קלאַפּן.

— ווילים, ניטאָ מער קיין גאַז. אַ קויל האָט דורכגעלעכערט אונדזער טאַנק, און דער גאַז איז אויסגערונען. מיר זיינען גאַנץ הויך. גלויבסטו, אַז מיר וועלן קענען אַראָפּלאָזן זיך גאַנצע אויפן פעלד?

— מיר קאָנען פּרובירן.

דער מאָטאָר קלאַפּט העכער. באַלד וועט ער זיך אין גאַנצן אָפּשטעלן. מיר פאַרלירן שנעל אונדזער הויך.

— ווילים, שפּיליע זיך אָפּ פון דיין פּלאַץ. מיר דוכט זיך, אַז מיר וועלן האָבן אַ קראַך. פּרוביר ראַטעווען די בילדער... זע, צי הינטער אונדז געפינט זיך אַן אָפענע שטרעקע לאַנד...

— לעס, פּונקט אונטער אונדז איז אַן אָפענע שטרעקע. ס'איז ניט זייער גלאַט, אָבער בעסער ווי גאָרניט.

איך מאַך אַ קרייז אַרום פעלד, און גרייט זיך צו אַרונטער-לאָזן זיך. איך שוויץ ווי אַ טייוול. די הענט זיינען פּיטש-נאַס.

פון שטערן קייקלען זיך אראפ אויפן פאנעם גרויסע טראפנס שוויים.

— ווילים, זיי גרייט ארויסצושפרינגען !

— כ׳בין גרייט !

די פאדערשטע רעדער רירן זיך אן אן דער ערד. דער עראָ-פלאן שפרינגט אפ צוריק אין דער לופטן. ער פאלט, גייט א ביסל פארויס און שטעלט זיך אפ.

איך וויש אפ מיט דער האנט דעם שוויים פון פאנעם און דערפיל א שטארקן ווייטיק אין באק. איך קוק אן די האנט. זי איז באדעקט מיט בלוט... איך עפן דאס טירל און שפרינג ארויס אויף דער ערד. ווילים וואַרט אויף מיר.

— ווי אזוי האט עס מיט דיר פאסירט ? — פרעגט מיך ווילים, אנווייזנדיק אויף מיין פארבלוטיקטער באק.

— כ׳ווייס ניט. ס׳איז ניט פון קיין קויל. כ׳האב זיך געמוזט צעשניידן, ווען דער עראפלאן האט זיך ארונטערגעלאזט.

ווילימס רעכטע האנט הענגט בא זיין זייט. זי איז א ביסל אויסגעדרייט.

— וואס איז דער מער ? — פרעג איך.

— ס׳איז גארנישט. א ביסל צעקלאפט זיך.

איך קוק זיך צו און זע, אז זיין האנט איז צעבראכן.

צוויי טעג שפעטער, בין איך שוין ארוים פון שפיטאל. דאס פאנעם איז בא מיר באנדאזשירט. ווילימס האנט איז איינגע-גיפסעוועט. זי איז צעבראכן אין צוויי ערטער. מעגלעך, אז זי וועט בלייבן א קרומע.

• • •

איך קום אריין צום קאמאנדיר :

— איר האט נאך מיר געשיקט ?

— יא — ענטפערט ער — איך האב נעכטן געקראגן א בריוו פון סאן-סעבאסטיאן, פון א קאפיטאן מיטן נאמען ראבערט וואוליע. סאן-סעבאסטיאן איז איצט אפגעשניטן פון דער לאיאַ-ליסטישער טעריטאריע. קאפיטאן וואוליע דארף קומען אהער, און ער בעט, דו זאלסט קומען נאך אים. ער איז זייער א וויכטיקע

פערזאָן באַ אונדז. ער בעט אויך, דו זאָלסט ברענגען מעדיקאַ־מענטן. זיי האָבן אַ סאַך פאַרוואונדעטע. ווילסטו פליען?

— זיכער!

— פילסטו זיך בעסער?

— אַ סאַך בעסער.

— גוט. דיין עראָפּלאַן, דער זעלבער, שטייט שוין אַ גרייטער אויפן פעלד. די נויטווענדיקע זאַכן זיינען שוין צו־געגרייט. זאָלסט פליען זייער הויך. מען טאָר דיך ניט זען. מיר וועלן מיט דיר האַלטן פאַרבינדונגען.

— זאָל איך גלייך פליען?

— ניין. עס פריער אָפּ. איך וועל, מעגלעך, נאָך דאַרפן דיר עפּעס איבערגעבן. אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטן.

• • •

איך בין שוין אין סאַן־סעבאַסטיאַן. די שטאָט איז נאָך אין אונדזערע הענט. איך גיב איבער די מעדיקאַמענטן און זוך אויס ראָבערטן.

אויפן וועג צוריק, אין עראָפּלאַן, דערציילט מיר ראָבערט וועגן זיך:

— איך בין געשיקט געוואָרן פון מאַדריד קיין סאַן־סעבאַסטיאַן פאַר אַ ספּעציעלן צוועק. איך האָב געדאַרפט אויס־געפינען די פּלענער פון די פאַשיסטן וועגן מאַדריד. איך האָב זיך דורכגעגאַנוועט קיין בורגאָס און האָב געקראָגן די פּלענער. ווען איך האָב געשריבן צו אייך דעם בריוו, האָב איך ניט גע־וואוסט, צי ער וועט אָנקומען צו אייך, ווייל סאַן־סעבאַסטיאַן איז שוין געווען אָפּגעשניטן. אָבער איך האָב געשריבן דעם בריוו אין אַ קאָד. צווישן די ווערטער, אין וועלכע איך האָב געבעטן, מען זאָל דיך צושיקן נאָך מיר, האָב איך אין קאָד איבערגעגעבן די פּלענער פון די פאַשיסטן.

ווען מיר קומען אָן, זאָגט מיר דער קאָמאַנדיר אָן, אַז איך בין אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער מאַדרידער אָפּטיילונג פון

דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. דעם זעלבן טאָג פֿאַרלאָז איך דאָס לופֿט-פֿעלד צוזאַמען מיט ראָבערטן.

• • •

דעם 14טן מײַ איז געווען מײַן ערשטער טאָג אויפֿן שלאַכט-פֿעלד.

דער פֿראָנט איז דערווײַלע שטיל. די שיסערײַ הויבט אָבער ביסלעכווײַז אָן צו ווערן שטאַרקער. מאַשין-ביקסן הויבן אָן ריטמיש צו קלאַפּן. גראַנאַטן רײַסן זיך אויף אַרום און אַרום. ס׳דערהערט זיך דעם קאַפּיטאַנס: „אַרי . . . בער!“

מיר קריכן אַרויס פֿון טרענטשעס און גײען אַריבער אין אַטאַקע. איך לויף שנעל, דרייענדיק זיך פֿון איין זײַט צו דער צווייטער, קעדיי אויסצומײַדן די קוילן. פּלוצלונג דערזע איך די פֿאַשיסטישע טרענטשעס. איך קלעם זיך אײַן מיט דער האַנט אין ביקס און שפּרינג אַרײַן אין אַ טרענטש. אונטער מיר זיצט אַ פֿאַשיסטישער אָפֿיציר. ער שיסט.

אַ ברענענדיקער אײַזן רײַסט זיך דורך מײַן רעכטער באַק. סע ווערט מיר שוואַרץ אין די אויגן. אַ שרעקלעכער האָס ווילקלט זיך אין מיר אײַן. איך שפּרינג אויף אים אַרויף און לעכער אים דורך מיטן באַיאָנעט...

מײַן קאָפּ הויבט זיך אָן צו דרייען. איך זע זיך אַנידער ניט ווילנדיק. סע ווערט מיר היים, דערנאָך — שטיל... וואַרעם און שטיל...

איך דערפֿיל, ווי עפּעס ווערט אַרײַנגעגאָסן אין מײַן מויל. ס׳איז וואַרעם, זיס. איך עפֿן די אויגן: איך ליג אין אַ גרויסער פּאַלאַטע, מיט אַ נידעריקער סטעליע. איך פֿיל זיך גאַנץ מיד, ווי איך וואָלט אָפּגעאַרבעט אַ שווערן טאָג.

איך רוף צו אַ קראַנקען-שוועסטער.

— וואָס איז הײַנט? — פֿרעג איך בײַ איר.

— דאָנערשטיק — ענטפֿערט זי.

— כ׳מיין ניט דעם טאָג. וואָס איז דער דאַטום?

— אָ, כ׳פֿאַרשטיי — צעלאַכט זי זיך — ס׳איז הײַנט דער 29טער מײַ.

— וואָס! כ׳ליג שוין דאָ צוויי וואָכן? איך געדענק דאָך גאָר ניט!

— ביסט עטלעכע טעג געווען אין אַ קאָמאַ. האָסט דאָך פאַרלאָרן אַ סאַך בלוט. זינט דאַן — שלאָפסטו, שטייסט אויף, רעדסט וועגן הערמאַנען, לאַרין, ראָבערטן...

— כ׳פיל זיך איצט גוט. כ׳וויל צוריק גיין אין די טרענטשעס... היי, ראָבערט, וועסט מיך אויסלערנען אַ ביסל פראַנצויזיש... הערמאַן, גיב איבער מיין גרוס אין דער היים... אַ גוטע נאַכט... ווילים, שפיליע זיך אָפּ, מיר וועלן האָבן אַ קראַך...

• • •

„טייערע טאַטע, שוועסטער און כאַוויירים:

כ׳האָב דערהאַלטן אייער בריוו. ווי פילסט איר זיך אַלע? האָבן לאַרי און מאַרטין שוין אָנגעהויבן גיין אין סקול?

טאַטע, כ׳וואָלט געוואָלט דו זאָלסט מיר טאָן אַ טויווע: שיק מיר צו אַ פּאָר פּעקלעך סיגאַרעטן און אַ ביסל טאַבאַק.

האָסט אין לעצטן בריוו געשריבן, אַז די פאַשיסטן קלייבן זיך צו פאַרנעמען מאַדריד. אַזוי לאַנג, ווי מיר האָבן געווער, וועלן זיי עס ניט קענען טאָן.

מענטשן האָבן מיר, קעמפּפערישקייט איז דאָ גענוג. אָבער געווער פעלט אונדז. איך בין שוין ווידער געווען אין עטלעכע הייסע צוזאַמענשטויסן מיט די פאַשיסטן.

ס׳האָט זיך דאָ געטראָפן אַן אינטערעסאַנטע זאַך: אייער־נעכטן איז איינער אַ יונג, מיטן נאָמען יעניאַ, פאַרשוואונדן געוואָרן. היינט אין דער פרי, אַזייגער צען, איז ער אַריינגעקומען אין די באַראַקן. אויפן פּאַנעם — אַ ברייטער שמייכל, און הינטער אים — אַ מאַסע סאָלדאַטן, גאַנצע הונדערט און פופציק מאַן.

דערציילט ער, אַז ער האָט זיך אַריינגעגאַנוועט אין די פאַשיסטישע טרענטשעס. זיי האָבן אים גלייך געפאַנגען. ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט זיי און באַוויזן, אַז די פאַשיסטן נאַרן זיי; אַז אונדזער ציל איז אַ גערעכטער. האָט ער זיי

אַריבערגעוואָונען אויף אונדזער זייט.

דאָס איז אַ באַווייז, ווי ווייניק עס ווייסן די סאָלדאַטן, וועלכע שלאָגן זיך אויף פראַנקאָס זייט.

איך פיל זיך שוין איצט אַ סאַך בעסער. דאָס פּאָנעם איז אין גאַנצן פאַרהיילט. ס'איז נאָך דאָ אַ שראַם, אָבער כ'האָף, אַז ער וועט ניט פאַרבלייבן.

גריסט אַלעמען,
ל ע ס ט ע ר

• • •

איך און ראָבערט זיצן בײַ אים אין אָפּיס און רעדן. ער איז איצט אַ וויכטיקע פּערזאָן: איינער פון די בעסטע לאַיאַליסטישע שפּיאָנען. ער דערציילט מיר, אַז ער האָט היינט געקראָגן אַ בריוו פון אַמעריקע. זיין ווייב שרייבט אים, אַז ער האָט שוין אַ זון, וואָס איז באַלד אַ האַלב יאָר אַלט.

— נו, ראָבערט — זאָג איך — סע וועט שוין זיין נאָך אַ דאָר וואוליעס, האַ? זאָלן זיי נאָר זיין אַזעלכע ווי דו!

איך דערצייל ראָבערטן וועגן די באָכערים אין אונדזער קאָמפּאַניע. ס'איז דאָ בײַ אונדז איינער — „שרימפּעלע" רופן מיר אים, אַ קליינער, אַ דאַרינקער, שרייט ער שטענדיק, אַז ער האָט פאַר גאָרנישט ניט מוירע. ער איז שוין אין דער בריגאַדע אַ יאָר צייט, און ער איז שטענדיק דער ערשטער אין פייער.

• • •

אַזייגער האַלב נאָך עלף אין דער פרי קומט מיר אָן אַ בריוו מיט אַן אָרדער צו פאָרן קיין ברונעט. איך בין באַשטימט צו זיין אַ פּאָליטישער קאָמיסאַר. איך מוז אַכטונג געבן איבער די שפּיטאָלן פון דער געגנט, און זען, עס זאָל ניט זיין קיין סאַבאָטאַזש.

ברונעט איז אין רואינעס. די פאַשיסטן זיינען בײַ די טויערן פון דער שטאָט, אָבער מיר גיבן זיך ניט אונטער. די גאַסן זיינען ליידיק. די מענטשן ליגן באַהאַלטן אין די קעלערס.

איך און פיר אַנדערע וואָלונטירן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וועלכע זיינען אָנגעקומען צוזאַמען מיט מיר,

שטייען לעבן די רואינעס פון א געוועזענער רעגירונג־געביידע. פּלוצלונג — עראָפּלאַנען גלייך איבער אונדזערע קעפּ. עס הויבן אָן פאַלן באָמבעס. מיר לאָזן זיך לויפן. א שטיק שראַפּנעל פאַלט מיר אין לינקן פוס און איך פאַל אויף דער ערד.

עס קומען אָן סאַניטאַרן, לייגן מיך אוועק אויף א טראָג־בעטל און נעמען מיך אוועק אין שפּיטאָל.

• • •

טייערער טאַטע:

איך האָב די לעצטע דריי כאַדאָשים ניט געקאָנט שרייבן. ווען איך האָב שוין געהאַלטן אין בעסער ווערן פון מיין וואונד, בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. איצט בין איך שוין געזונט, אָבער שטאַרק אָפּגעשוואַכט פיזיש. אָבער מאָראַליש בין איך אַרויס א שטאַרקערער, ווי פריער.

איך טראַכט אָפט, פּאַ, וועגן דער היים. עס גייט מיר שטאַרק אָן, צי איר, אין אַמעריקע, קענט פאַרשטיין, וואָס פאַר א וויכטיקן קאַמף מיר פירן דאָ. וואָס טוט איר אונדז צו העלפן? וואָס טוט איר, קעדיי אַראָפּצונעמען די עמבאַרגאָ פון לאָיאַליס־טישער שפּאַניע? מיר גיבן דאָ אוועק אונדזערע לעבנס און געזונט אין קאַמף קעגן פאַשיזם. איר דאַרפט אויך טאָן אייער כיילעק אַרבעט.

איך האָב געהערט, אַז אין א פּאָר כאַדאָשים אַרום וועט מען מיך און נאָך עטלעכע כאַווײרים אַהיים שיקן. איך וועל אייך נאָך לאָזן וויסן וועגן דעם.

ל ע ס ט ע ר

• • •

גרענד סענטראַל סטאַנציע. מיר גייען אַרויס פון דער באַן. איך קוק זיך אַרום: ס׳ע געפעלט מיר ניט. איך האָב זיך שוין אָפּגעוואוינט פון דעם.

דער פּלאַץ איז פול מיט מענטשן. מע שטופּט זיך. מע שרייט און מע לויפט. מיר הויבן זיך אָן שטופּן דורך דער מאַסע. ענדלעך קומען מיר אַרויס אין דרויסן. ווילים און ראָבערט

געזעגענען זיך מיט מיר. מיר וועלן זיך נאָך טרעפֿן. מיר וועלן דאָ צוזאַמען פֿאַרזעצן אונדזער אַרבעט פֿאַר שפּאַניע!

אָוונט. ליכטיק אין די גאַסן. איך לאָז זיך גיין צו טיימס סקווער. פֿון ווייטן שוין זע איך, ווי עס צינדן זיך אָן די עלעק־טרישע לעמפּלעך אויף דער „טיימס"־געביידע. איך לייען די לעצטע נייעס:

„די שפּאַנישע נאַציאָנאַליסטן גיבן איבער, אַז זיי האָבן פֿאַר־ניכטעט די לאָיאַליסטישע אַרמיי אין צאָפֿן. זיי גלויבן, אַז זיי וועלן אין קורצן געווינען די מילכאָמע."

ער רעדט, פֿראַנקאָ, גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער מיינט, אַז ער וועט פֿיזיש בייקומען שפּאַניע, וועט ער שוין פֿאַרטיק ווערן. דאָס וועט ערשט זיין דער אָנהויב פֿון אַ נייעם קאַמף!



# אַ יידישער באָכער

● ליבי ראָגאָווסקי

.1

ס'איז גרוי דער הימל. די זון האָט זיך נאָך ניט אויפגעהויבן. עס דאַכט זיך אייבן, אַז ס'וועט שוין קיינמאָל קיין זון ניט זיין. אייב שטייט אויפן דעק פון דער שיף און קוקט אויפן ברייטן וועג — ער קוקט אויפן הימל און זעט דאָרט בילדער— בילדער פון זיין יונג-אַלטער מאַמען, פון זיין מידן האָרעפּאַשנעם טאַטן; בילדער פון דעם שווערן לעבן אין גאַליציע; בילדער פון זיין קינדהייט. ער זעט פאַר זיינע אויגן דעם רעבן מיטן סויפער, און עס דאַכט זיך אים, אַז דער רעבע רעדט און לערנט אים נאָך אַלץ.

און דאָס בילד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בילד פון אַ מיידל. די מיידל שטייט לעבן אַ טיר, וואָס פירט אין קיך אַריין. אַ יונגער מאַן שטייט און רעדט מיט איר. און עס דאַכט זיך אים, אַז די שיינע יונגע מויד, מיט די באַקן ווי עפּל, מיט בלוט־רויטע ליפּן, און ציינער — ווי פּערל, אַז זי נעמט אַריין אין אירע גרויסע אויגן די וועלט. און מיט אירע שוואַרצע, בלישטשענדיקע אויגן פאַרגייען אַלע בילדער.

די שיף איז נאָך ניט אַוועק. מענטשן לויפן אַהין און אַהער. פריינט געזעגענען זיך מיט פריינט, קרובֿים געזעגענען זיך מיט נאָענטע. עס זעט אויס, אַז אויף יעדן מענטשן, וואָס פאָרט אַוועק, זיינען דאָ עפּשער צען, וועלכע געזעגענען זיך מיט אים. אַרום יעדן אַוועקפאָרנדיקן איז דאָ אַ קרייז מענער, פרויען. נאָר אייב שטייט אַליין, קיינער קומט אים ניט זאָגן קיין „זיי געזונט". ווי קען עמעצער קומען געזעגענען זיך מיט אים, אַז קיינער ווייס ניט, אַז ער פאָרט אַוועק? ער דערמאָנט זיך אָן דער סצענע אין הויז נעכטן אָוונט. דער טאַטע זיצט און לייענט אַ צייטונג. די מאַמע ליגט און רוט זיך אָפּ אויפן דיוואַן. ער, אייב, גייט אַרום אין קיך, אַ פאַרטראַכטער. „זאָל איך דאָס טאָן? ניין! דו טאָרסט ניט! איך מוז! דו האָסט טאַטע־מאַמע... איך האָב אַ כוונה צום יידנטום! וואָס האָב איך צו פאַרלירן? דו האָסט אַ גוטע שטעלע... איך וועל פאָרן!"

אייב טראַכט איבער נאָך אַ ווײַלע: „וועגן כאַסענע האָבן... ניין! איך וועל פאָרן!"

אייב איז אַריין אין צימער, וואו זיינע עלטערן זיינען געווען.

— איך פאָר אויף וואַקאַציע מאָרגן אין דער פרי.

— וואוהין פאָרסטו?

— איך פאָר אין קעמפּ ניט געדייגעט. איך וועל זיך זאַמען אַ דריי וואָכן.

— בעסער לייג זיך פרי שלאָפן, ביסט מיד.

— יאָ, איך וועל אַוועקפאָרן גאַנץ פרי. איך וועל אייך ניט וועלן אויפוועקן, וועל איך אייך איצט זאָגן „גוד־ביי"...

— גיב אַכטונג אויף זיך, מיין זון. אַמוזיר זיך.

אייב איז אַריין אין זיין צימער. „אַמוזיר זיך! האַ! אויפן שלאַכטפעלד!...״

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די בילדער אין זיין צימער, געטראַכט אַ ווײַלע, און זיך געלייגט שלאָפן. ער וויל שלאָפן, אָבער ער קאָן נים. ער וואַרפט זיך אין בעט און כאַטש ס'איז אַ קילע נאַכט, דאַכט זיך אים, אַז דאָס בעט וועט אים דערשטיקן... ס'איז אים הייס; ער ליגט און דער שווייס רינט פון אים, ווי טראָפּנס וואַסער, הייס און מיט אַ מאָל — קאַלט. די מאַמע קומט אַריין, און אייב מאַכט זיך, ווי ער שלאָפט. זי גייט צו צום בעט אויף די שפּיץ פינגער און גלעט אוים די קאָלדרע. זי קוקט אויף אים אַ מינוט און גייט אַוועק שטילער־הייט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ גייסט. און אייב דערמאָנט זיך, אַז ווען ער איז אַראָפּ פון בעט אין דעם קאַלטן פרימאָרגן, האָט ער זיך אויף שנעל אָנגעטאָן און האָט זיך גענומען פאַרפּאַקן אַ ביסל זאַכן. נאָכדעם איז ער צו צו זיין שרייבטיש, גערעדט צו אים, געטאַפּט זיין פּען, גערעדט צו זיינע ביכער און זיך געזעגנט שנעל מיט זיין שטול, זיין קישן, זיין בעט, און אַפילע מיט זיין קאָלדרע...

און אייב דערמאָנט זיך, ווי ער איז אַרוים פון צימער, ווי אַ קאַץ, שטיל, שנעל. ער איז אַרוים פון הויז, שטיל פאַרמאַכט די טיר און געבליבן שטיין אַ סעקונדע; אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן אין גאַס. ס'איז נאָך געווען טונקל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און איז גלייך אַוועק. ווען ער איז געווען עטלעכע בלאָק פון הויז, האָט ער זיך ווידער אַרומגעקוקט, ווידער אַמאָל געקוקט אויף דער גאַס, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ טייל פון זיין לעבן, און איז אַוועק, ווי אַ ווינט, צו דער סאַבוויי...

אייב צעלאַכט זיך. ער זעט ווי מענטשן גייען אַראָפּ פון שיף. ער פאַרשטייט, אַז די שיף דאַרף שוין פאַרלאָזן אַמעריקע. די שיף נעמט פאַוואָליע, אַזוי ווי אַן אַלטע פרוי, קרעכצנדיק, אַרויסרוקן זיך פון האַפן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז די שיף שוין באַ דעם אינדזל, וואָס האַלט אויף זיך דעם סימבאָל פון דער אַמעריקאַנער דעמאָ־

קראַטיע, די „סטאַטוע פון פרייהייט". און עס דאַכט זיך אייבן, אַז די שיף שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סעקונדע, און ער קוקט אויף דעם סימבאָל פון פרייהייט, און די בילדער הויבן אָן ווידער אַ מאָל אַרויסצוקומען פון די וואָלקנס:

ער זעט וואַסער אַרום און אַרום. ער הויבט אויף זיינע אויגן און זעט די סטאַטוע פון פרייהייט, אַזוי ווי ער האָט עס געזען אַמאָל, און זיין קינדעריש הערצל האָט געקלאַפּט אַזוי שטאַרק, ווי עס וואָלט געוואָלט אַרויסרייסן זיך פון זיין קערפּערל. ער האָט געעפנט זיינע קינדערשע אייגעלעך און האָט זיך אָנ־געשטרענגט צו זען... ער האָט זיך דערפילט שטאָלץ און מונטער — באַלד וועט ער זיין לעבן דער „מאַמען פון אַמעריקע"...

אייב טוט זיך אַ כאַפּ. עמעצער האָט אים אָנגערירט באַם אַקסל. ער טוט אַ שאָקל מיט זיין קאָפּ געדיכטע האָר און קוקט זיך אַרום.

— אַנטשולדיקט מיך, איך האָב געמאַכט אַ טאָעס — זאָגט צו אים אַ מאַן און פינטלט מיט די אויגן — איך האָב געמיינט, אַז איר זייט אַ פריינט מיינער.

און אייב שטייט און קוקט. ער זאָגט ניט קיין וואָרט. ער טראַכט: „וואו האָב איך דעם כעוורעמאַן געזען? ער זעט זיך אָן צו זיין אַ באַקאַנטער... וואו... איך ווייס שוין ווער ער איז! ס'איז דאָך דער כאַזערשער יונג, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ טורמע אין עסטרייך. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ ליבעראַלער מענטש... טפו זאָל ער ווערן!"

דער מאַן, זעענדיק, אַז אייב ענטפערט אים ניט, איז גלייך אוועק. אייב זיפצט זיך לייכטער אָפּ און טראַכט צו זיך: „פּאָטער געוואָרן פון אַ קאַפּוויטיק!"

אייב באַקענט זיך מיט דעם רויטן יינגל, וואָס האָט זיין בעט לעבן אים. פּעט איז זיין נאָמען. ער פאָרט קיין פּאַריז, זיך לערנען מאָלעריי. פּעט איז אַ פריילעך אַמעריקאַנער באָכערל, וואָס וויל זיך לערנען, אָבער ער האָט אויך ליב זיך צו אַמוזירן.

אין אייבס קאַבינע איז דאָ נאָך אַ בעט; עס ווערט באַנוצט

פון אַ סטודענט, אַ דייטש, וועלכער פאָרט קיין מאַרסעל, אָבער ער וויל זיך פריער אָפּשטעלן אין פּאַריז. זיין נאָמען איז פּאָל. פּאָל איז אין איין עלטער מיט אייבן, פּעט איז אַ יאָר יינגער פון אים.

די דריי האָבן גוט פאַרבראַכט אויף דער שיף. פּעט האָט זיי אַמוזירט מיט זיינע איינפאַלן. ער איז אַמאָל אַריין אין אַ „דעק איי" קאַבינע און האָט געזאָגט דעם סטוּאַרד, אַז די, וועלכע האָבן עס פאַרנומען ,זיינען גענגסטערס, און אַז ס'איז גאָר זיין קאַבינע. דער סטוּאַרד האָט זיך דערשראָקן און איז געלאָפן זוכן דעם קאַפּיטאַן. ביז זיי זיינען ביידע געקומען, איז שוין פּעט ניט געווען. אַנשטאָט פּעטן איז געשטאַנען אַ מאַלפּע, וואָס האָט זיך געפּוצט אין שפּיגל. דער סטוּאַרד ווייס נאָך ביז היינט ניט, פון וואַנעט די מאַלפּע האָט זיך גענומען אין קאַבינע.

אַזוי איז די צייט אַוועק. דעם אָוונט פאַרן אָנקומען אין פראַנקרייך איז געגעבן געוואָרן דער טראַדיציאָנעלער „קעפּטנס באָל". די נאַכט איז געווען אַ שטילע, אַ רואיקע. כוואַליעס האָבן געקושט די זייטן פון דער שיף. דאָס וואַסער האָט געראַשט ליבלעך צום הימל, און אויפן הימל האָט די לעוואָנע געשפּילט אין באַהעלטעניש מיט די וואָלקנס. אין אַזאַ נאַכט איז פאַר־געקומען „דעם קעפּטנס באָל".

אויף מאָרגן איז די שיף געווען פאַרשלאָפן. נאָר אין די מאַטראָסן־קאַיוטעס איז געווען לעבעדיק, ווייל זיי זיינען ניט געווען צום „קעפּטנס באָל".

אייב האָט זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי און איז אַרויס פון קאַבינע. אויפן דעק איז קיינער ניט געווען. ער איז צו צום אַנלען און האָט זיך פאַרטראַכט. ס'איז ניט מעגלעך, ס'קען ניט עמעס זיין, אַז ער, אייב, שטייט אויף אַ שיף, וואָס דאַרף באַלד אָנקומען קיין פראַנקרייך. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן אַנלען און געקוקט אויף די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געשפּילט מיט דער שיף. מיטאַמאָל פילט ער אַ שטאָך, אוי! „היי, וואָס איז דאָס!" טוט ער אַ געשריי, און קערט זיך אום פּונקט אין צייט צו כאַפּן פּעטן פאַרן קאָלנער: „ליסן, וויז גיי, קאַט איט

אוט!״ פעט צעלאַכט זיך, און זיין געלעכטער צעטראָגט זיך צו די ווייטע וואָלקנס. און די וואָלקנס שמייכלען מיט פרייד. ווי גוט עס איז צו זיין יונג!

מיטאַמאָל ווערט טומלדיק אויפן דעק. מאַטראָסן לויפן אַהין און צוריק. דער טראָגט שטאַרקע שטריק, יענער — שמאַטעס. די שיף האָט אויפגעלעבט. דער קאַפּיטאַן שטייט אויפן בריקל און קאָמאַנדירט. דער ערשטער געהילף שטייט לעבן אים און קוקט דורך זיינע פעלד-גלעזער אויף אַ פּינטל אין יאַם. דאָס איז פראַנקרייך.

פּעט און אייב זיינען געבליבן שטיין. פאַר פּעטן וועט זיך באַלד אָנהויבן אַ ניי לעבן. פאַר אייבן, ווער ווייס? עפּשער... טויט!

.2

די שיף איז שוין אין פראַנצויזישן האַפן. די מענטשן וואַרטן שוין אויף זייער ריי דורכצוגיין די צאָל-אינספּעקציע. פון די דריי כאַוויירים איז אייב דער ערשטער. אין עטלעכע מינוט אַרום פאָרן זיי אַלע — פּעט, אייב און פּאָל — אין אַ האָטעל, זיך אָפּרוען. אין דער פרי וועלן זיי זיך אַרויסלאָזן זען די שטאָט.

די נאַכט איז אַ שטילע. אַ שטיפעריש ווינטל צעשפּילט זיך אין פאָרהאַנגען פון די פענצטער, און זיי שאָקלען זיך פון געלעכטער. די דריי יונגע לייט ליגן און שלאָפן. דאָס הייסט, צוויי שלאָפן אין דער עמעסן, דער דריטער ליגט מיט צוגעמאַכטע אויגן און טראַכט: „אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך שוין זיין בא דעם גרענעץ... און דערנאָך בין איך אַ קעמפער, גלייך מיט אַלע אַנדערע... אין דער פרי וועל איך אָנשרייבן אַ בריוו צו דער מאַמען. . . . וואַרט ביז דו וועסט זיין אין שפּאַניע...״ און אַזוי טראַכטנדיק איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

— טרר-טרר-בום! טרר-בום!

קוילן פליען, באָמבעס פאַלן אויף די גאַסן. מאַדריד ברענט! דער פייער-מאַנסטער פליט פון הויז אין גאַס און ווידער אין הויז. זיין ציניש געלעכטער שניידט די לופט... זיינע לאַנגע

ציין ציען זיך אויס... דער מאָנסטער ווילט אַרום נאָך אַ קאָרבן... נאָך אַ לעבן...

— כאַ־כאַ־כאַ... האַ־האַ־האַ! — צעלאַכט זיך דער מאָנסטער מיט אַ סאַדיסטישער פרייד — כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! כאַ... כאַ... כאַ!...

און דער מאָנסטער מיטן ווייסן שוים אויף די בלוטיקע ליפּן — ער דערנעענטערט זיך צו אַ קליין פיגורעלע, צו אַ מענטשן... ער ציט אויס זיינע ציין און . . .

— ראַטעוועט, העלפט, ראַטעוועט! איי . . . עך!

ס׳ווערט שוואַרץ, פינצטער, ווי אין אַ קייווער.

— היי, שאַט אַפּ, פאַר העווענס סייק! קאַט איט אַוט!

— אייב, ס׳איז שפּעט, אייב!

— האַ! וואו בין איך? — אייב איז אויפגעשפּרונגען, אַרויס פון בעט און זיך גיך אָנגעטאָן. זיינע צוויי כאַווירים זיינען שוין אָנגעטאָן, און זיי וואַרטן אויף אים. נאָך אַ שנעלן פרישטיק גייען זיי אַרויס פון האָטעל צו באַקוקן די שטאָט. אַזוי ווי ס׳איז נאָך פרי, זיינען די גאַסן קימאַט ווי ליידיק. דאָ און דאָרט באַגעגענען זיי אַ מענטשן. די גאַסן זיינען ניט זייער ברייט, אויף ביידע זייטן גאַס שטייען הייזקעלעך, און אויף איין גאַס איז דאָ אַ ריזיקע קראָם. עס הענגט אַ שילד געדרוקט אויף פראַנצויזיש און ענגליש. פּעט דערזעט דעם שילד און גיט אַ געשריי: „זע נאָר!" און אַלע דריי טוען אַ קוק און זעען: „ווי סעל אַמעריקען גודס דיירעקט פראָם יו. עס. איי." און אין פענצטער פון דער קראָם ליגן אָנגעלייגט פּעקלעך אַמעריקאַנער סיגאַרעטן.

— זע נאָר! ס׳איז דאָך גאָר ווי אין ניו־יאָרק! — האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פּעט.

די דריי כאַווירים זיינען געווען אין שטאָט דריי טעג. אייב האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע אַמעריקאַנער, וועלכע זיינען געקומען קיין פראַנקרייך אויפן וועג קיין שפּאַניע. צווישן די, וואָס ער האָט געטראָפן, זיינען געווען צוויי יינגלעך פון שיקאַגאָ. זיי זיינען געווען אַ צווילינג. איינער האָט געהייסן

דזשאָן, און דער אַנדערער — דזשעק. דזשעק איז געווען מיט פינף מינוט יינגער פאַר דזשאָנען. דערפאַר האָט דזשאָן ליב געהאַט זיך צו רייצן מיט זיין ברודער: „זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! ס׳איז דאָך מיין קליינער ברודער!"

אַ טאָג פאַר אייבס אָפּפאָר צו דעם גרענעץ זיינען פאָל און פעט אָפּגעפאָרן פון פאַריז. באַם געזעגענען זיך האָט פאָל אַ קוק געטאָן אייבן גלייך אין די אויגן און האָט אים געזאָגט: „איך האָף, אַז איך וועל אייך נאָך טרעפן." פעט איז ניט געווען ערנסט קיין איין מינוט, נאָר ווען די באַן האָט געדאַרפט אָפּפאָרן, האָט ער אַ שטייפן דריק געטאָן אייבס האַנט און מיט אַ האַלבן שמייכל אַרויסגעשפּרונגען אויף דער באַן. „אויף ווידערזען!" האָט ער אַ געשריי געטאָן. און די רעדער פון דער באַן האָבן צו־געזונגען: אויף—ווידער—זען... אויף—ווידער—זען... און אַזוי זיינען פעט און פאָל אַרויסגעפאָרן פון אייבס לעבן.

.3

„איך וועל דערשטיקט ווערן", טראַכט אייב, און ער שפּיליעט אָפּ אַ קנעפּל פון זיין מאַנטל. ס׳איז ניט הייס, נאָר אייב איז נערוועז: אין עטלעכע שאָ אַרום וועט ער שוין זיין באַ דעם גרענעץ . . . אין שפּאַניע.

אין דער באַן מיט אייבן געפינען זיך דזשעק און דזשאָן, אַן אַמעריקאַנער איטאַליענער, טאָני, און אַן ענגלישער באָכער, ראָבערט. זיי פאָרן אַלע קיין שפּאַניע, און דער ברענענדיקער פלאַם פון יוגנט צינדט זיך אָן אין אַלע צען אויגן.

די באַן שטעלט זיך אָפּ אין אַ קליין פאַרשלאָפן שטעטעלע אויף אַ שאָ צייט. די פינף כאַווירים גייען באַקוקן דאָס שטעטל. באַלד האָבן זיי באַמערקט, אַז עס גייט זיי נאָך אַ גרופּע מענטשן. האָבן זיי געמיינט, אַז ס׳איז נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען פרעמדע. מיט אַמאָל האָט איינער פון די פראַנצויזן עפּעס אַ געשריי געטאָן אין פראַנצויזיש און אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן

צו די פינף יאָטן. „וויוואַ אַמעריקאַנער!" האָבן זיי אַלע געשריען.

ס'איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג, ווען די פינף אַמערי־קאַנער זיינען אָנגעקומען אין מאַלאַדעטאַ, שפּאַניע, אַ קליין שטעטל אויף יענער זייט פון דעם שפּאַנישן גרענעץ. די גאַנצע שטאָט איז אַרויס אויף די גאַסן באַגריסן די וואָלונטירן פון די טראַנספּאָרטן, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט בלויז אויף אַ קורצער צייט און זיינען געפאָרן קיין באַרצעלאָנאַ.

די טראַנספּאָרטן זיינען געווען אין וועג אַ גאַנצע נאַכט, און די וואָלונטירן האָבן געזונגען און געשפּאַסט. אַן איטאַליענער האָט אויסגעלערנט אייבן אַן איטאַליעניש פאָלק־ליד, און זיי האָבן צוזאַמען געזונגען אַ דועט.

אַזוי זיינען די טראַנספּאָרטן געפאָרן, פול מיט שפּאַסנדיקע, לאַכנדיקע, מוטיקע יאָטן, גרייטע צו לאַכן דעם טויט אין די אויגן, פאַר זייער אידעאַל. זיי האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן פון די טראַנספּאָרטן גלייך אין די הענט פון באַרצעלאָנאַ. וואו זיי זיינען געגאַנגען, וואו זיי האָבן זיך געריררט, האָבן מענטשן זיי באַגעגנט מיט טרערן אין די אויגן. אויגן, וואָס פרעגן: „דאָס זיינען עמעסע אַמעריקאַנער געקומען אונדז העלפן? געקומען אָפּגעבן יונגע לעבנס פאַר אַ פרעמד לאַנד?" פרויען וויינען אָפן, קינדער קוקן זיי נאָך מיט גרויסע אויגן, און מענער שטיקן די טרערן, וועלכע שטעלן זיך אין האַלדז. גרויסע, קליינע; יונגע, אַלטע; מאַטראָסן, סטיוועדאָרס, אָפּיס־אַרבעטער, שוסטער, שניידער — אַלע פּענעמער פול מיט וואונדער: עמעסע אַמעריקאַנער גע־קומען אַהער, איבער פיר טויזנט מייל, העלפן זיי אין זייער שאָ פון נויט!

אין מיטן דער דעמאָנסטראַציע איז געקומען דער באַפעל: מיר פאַרלאָזן די שטאָט אין צוואַנציק מינוט. מען דאַרף פאָרן אַ לאַנגן וועג פון באַרצעלאָנאַ ביז מאַדריד. און אין צוואַנציק מינוט אַרום זיינען שוין אייב און זיינע פריינט געווען אויף דער באַן. באַגלייט פון געשרייען: „וויוואַ אַמעריקאַנאָס!" האָבן זיי פאַרלאָזן די סאַן־פראַנציסקאָ פון שפּאַניע, באַרצעלאָנאַ.

מאַדריד . . . די הויפּט־שטאָט פון שפּאַניע!
מאַדריד . . . די ניו־יאָרק פון שפּאַניע!

מאַדריד — היים פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און פון זעכצנטן יאָרהונדערט! אין דער קאָסמאָפּאָליטישער שטאָט, מאַדריד, זיינען אָנגעקומען אייב און זיינע פריינט. אַזוי ווי אין באַרצעלאָנאַ, זיינען אויך דאָ פאָרגעקומען ריזיקע אויפנאַם־דעמאָנסטראַציעס. די אַמעריקאַנער וואָלונטירן האָבן דאָ פאַר־בראַכט צוויי טעג. דעם ערשטן טאָג איז אייב אויפגעשטאַנען זייער פרי. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און האָט זיך אַוועק־געזעצט באַם פענצטער און אַרויסגעקוקט אויף די ווייסע וואָלקנס. אייב איז פון קינדערוייז אָן געווען אַ טרוימער. אין די וואָלקנס פלעגט ער זען פאַרשיידענע בילדער. זיי פלעגן אָפּ־שפּיגלען זיינע געדאַנקען. היינט זיינען די בילדער געווען אַנדערש ווי אַלע מאָל. ער האָט געזען אַ שלאַכטפעלד, פאַרגאָסן מיט בלוט, רויט, וואַרעם מענטשלעך בלוט...

„הייל, הייל, די געגנ׳ס אַל היר...״ זיינען זינגענדיק גע־גאַנגען די פינף כאַווײרים איבער דער גאַס. אַלע פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און נאָכגעקוקט די פינף יונגע, מוטיקע אַמעריקאַנער.

— האַ, האַ! דו קענסט אַזוי זינגען, ווי איך קען זיך שיפלען אויפן אַטלאַנטישן יאַם! — האָט אַ לאַך געטאָן דזשעק צו אייבן.

— און דו, מיין פריינט, קענסט אויך ניט אויסקוועטשן קיין מוזיקאַלישע נאָטע — האָט אייב געענטפערט מיט אַ געלעכטער אין זיינע גוטע אויגן. זיי זיינען שוין געווען איצט אין וואַלענציע. דאָס איז אַ שטאָט באַם יאַם, איינער פון די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערן פון אייראָפּע, איינע פון די דריי גרעסטע שטעט אין שפּאַניע. אויך דאָ זיינען פאָרגעקומען גרויסע דעמאָנסטראַציעס פאַר די אַמעריקאַנער וואָלונטירן. זיי האָבן דאָ פאַרבראַכט אין גאַנצן צען שאָ.

אַלבאַסעטע... דער טריינינג־קעמפּ פאַר וואָלונטירן. דאָ האָבן זיי געדאַרפט פאַרברענגען צען טעג, דאָ האָבן זיי געדאַרפט אויסלערנען זיך שיסן פון ביקסן, ווערן סאָלדאַטן. יעדן אין דער

פרי, פאַרן זון־אויפגאַנג, זיינען זיי שוין געווען אויפן פעלד. זייערע געלעגערס זיינען געווען אין אַ קעלער פון אַן אַלטן קלויסטער. די „בעטן" זיינען געווען אַלטע מאַטראַצן מיט וואַנצן... עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די מאַטראַצן שעמען זיך מיט זייער שמוץ... טייל וואָלונטירן האָבן זיך פאַרקילט, אָבער מען האָט עס איגנאָרירט, ווייל ס'איז געווען צו פיל צו טאָן. אין רעגן, אין שניי און אין בלאָטע איז מען שוין גאַנץ פרי געווען אויפן פעלד. דער טרומפּייט האָט אויפגעוועקט און נאָך אַן אָרעמען מאָלצייט פון ניט־דערקאָכטע שפּייז, האָט מען זיך אויסגעשטעלט אין רייען פאַר מיליטערישע איבונגען. מען האָט געלערנט, ווי אַזוי צו באַשיצן זיך פון דעם סוינעס עראָפּלאַנען, ווי אַזוי צו מאַכן אַ צוריקטריט. נאָך פינף טעג פאַרלאַנגען די וואָלונטירן ביקסן, אָבער זיי קריגן ניט. אויפן צענטן טאָג קריגן די וואָלונטירן זייערע ביקסן. אייב באַהאַנדלט זיין ביקס מיט זיידענע הענטשקעס. די פרייד שיינט פון זיינע אויגן. „מיין ביקס! מיין שטאָך דעם פאַשיזם אין בויך אַריין!"

צו די ביקסן גיט מען זיי מאַסקעס, העלמעטס, קוילן, און מען זעצט זיי אַריין אין טראָקס מיט אַ וואָרנונג ניט צו זינגען און ניט צו רויכערן. אייב זיצט אַ פאַרוואונדערטער אין טראָק: „מיר פאָרן צום פראָנט? אָבער מיר ווייסן דאָך ניט ווי צו שיסן!" אָבער, גיי שנעלער, טראָק! פלי איבער די וועגן! גיכער... צום פראָנט פאָרן קעמפער פאַר פרייהייט פון שפּאַניע, פאַר דעמאָקראַטיע! עס ווילט זיך אים אַזש זינגען.

די טראָקס שטעלן זיך אָפּ אין מאָראַקאָ, אַ קליין שטעטל לעבן מאַדריד. די אויפנאַמע אין מאָראַקאָ איז געווען אַ גוואַלדיק גרויסע: פופצן עראָפּלאַנען אין מיליטערישער פאָרמירונג, און פון יעדן עראָפּלאַן פליען באָמבעס — די פאַשיסטן האָבן באַגריסט די נייע וואָלונטירן מיט אַ לופט־אַטאַקע! דאָס איז געווען דער פרישטיק, וואָס זיי האָבן געזאָלט קריגן אין מאָראַקאָ. די נייע סאָלדאַטן האָבן שוין באַלד געקראָגן אַרבעט. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פרויען און קינדער פון אונטער די רואינעס פון מאָראַקאָ. אייב האָט מיט איין האַנט אַרויסגעשלעפּט אַ ייִנגעלע,

און מיט דער אַנדער האַנט — זיין נאָך יינגערע שוועסטערל,ביידע טויטע. און אייבם בלוט קאַכט און עס ווילט זיך אים נעמען די צוויי יונגע, נאָך וואַרעמע קערפּערלעך און אריינשליידערן פראַנקאָן אין פּאַנעם אריין. צוזאַמען מיט די אַנדערע, גייט ער מיט זיין ביקס אין האַנט און מיטן פאַרלאַנג: „צום שלאַכט-פעלד!" אויף די ליפּן.

אין יענער נאַכט, אַ שוואַרצע, טרויעריקע נאַכט, גייען טריט איבער די פעלדער, איבער בערג, צום שלאַכטפעלד, לעבן מאַדריד.

ס'קומט אַ באַפעל: „גראָבט טרענטשעס!" „מיט וואָס?" „מיט וואָס! מיט די הענט, מיט די נעגל, מיט לעפל, מיט שיך, אָט מיט וואָס!"

און די סאָלדאַטן גראָבן... אייב גראָבט און טראַכט: „עפּשער גראָב איך שוין מיין גרוב... ווער ווייס..." איי, ווי קאַלט עס איז! די נאַסקייט פון דער לופט און פון דער ערד קריכט אריין אין די ביינער. די ערד איז פול מיט וואַסער, און די בלאָטע איז קאַלט און גליטשיק. גאַנץ פרי באָמבאַרדירן די פאַשיסטן די ניי-אויסגעגראָבענע טרענטשעס. די אַרטילעריע-באָמבאַרדירונג איז נאָך ערגער, ווי די עראָפּלאַנען. אַרום און אַרום שפּריצן שטיקער ערד און פאַלן... ווי ברוינע בלומען וואָלטן אויפגעבליט אויף אַ מינוט און... פוץ! זיי זיינען שוין ניטאָ!

דאָס אָרט רופט מען: „זעלבסטמאָרד-הייל". דאָ האָט זיך געפונען די ערשטע גרופּע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. פינף-זעקס מאָל אַ טאָג וואַרפן די פאַשיסטן באָמבעס פון עראָפּלאַנען און באַשיסן מיט אַרטילעריע.

אייב קוקט אויפן הימל און זעט, ווי עס קעמפן זיבעציק עראָפּלאַנען: פינף און צוואַנציק לאָיאַליסטישע קעגן פינף און פערציק פאַשיסטישע. און ער זעט, מיט וואונדער, ווי די פינף און צוואַנציק לאָיאַליסטישע זיגן איבער די פינף און פערציק. אָבער איין לאָיאַליסטישער עראָפּלאַן פאַלט. ער דערוויסט זיך שפּעטער, אַז ס'איז געפאַלן דער אַמעריקאַנער, בען ליידער.

ביז איצט איז אייב געווען אויף דער צווייטער ליניע. אין מיטן דער נאַכט געפינט ער זיך שוין אויף דער ערשטער ליניע, און מיט אַ מאָל קומט אַ באַפעל: „אָווער די טאָפּ!" און די ערשטע און צווייטע רייען לויפן „אָווער די טאָפּ". דאָס פעלד איז געוואָרן באַדעקט מיט טויטע און פאַרוואונדעטע. ביז עס קומט די פאַרשטאַרקונג, קאָן מען הערן געשרייען פון די פאַר־וואונדעטע: „העלפּט! ראַטעוועט!" נאָר די סאָלדאַטן לויפן פאָרויס. זיי פאַרכאַפּן פּאָזיציעס פון פאַשיסטן און קעמפן ביטער זיי איינצוהאַלטן. די ביקס אין אייבס הענט ציטערט, ווי אַ ציטער פון געפילן.

„איינס... צוויי... איי, גוט! ס'האָט זיי געטראָפן!" טראַכט אייב. ער האָט נאָך קוילן אין זיין ביקס. אייב און זיינע כאַ־ווערים מוזן נאָך זשאַלעווען קוילן. אויב ניט, וועט אויספעלן. דער סוינע האָט אַ סאַך מער אַמוניציע, ווי די לאַיאַליסטן.

נאָך דער שלאַכט זיצן די לאַיאַליסטן אין די באַראַקן. איינער שרייבט, דער אַנדערער לייענט. אייב האָט זיך אָוועקגעזעצט אָפּצוטאָן אַ שווערע אַרבעט: שרייבן אַ בריוו אַהיים. ס'איז אים זייער שווער. וואָס קען ער שרייבן? נאָך לאַנגן טראַכטן, שרייבט ער אַן עטלעכע ווערטער אויף אַ פּאַפּירל, פאַרקלעפּט עס אין אַ קאָנווערט און לייגט עס אַוועק אָן אַ זייט.

די נאַכט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג אין די באַראַקן. דער מיטינג איז געווען וועגן דעם, וואָס שפּאַניע האָט ניט קיין גוטע אַרמיי, האָט ניט קיין קיכן נאָענט צום פראָנט, קיין עמעסע שפּיטאָלן... עס דאַרף קומען הילף! נאָך דעם מיטינג, האָבן די אַמעריקאַנער אויסגעלערנט די אַנדערע, ווי אַזוי מען פירט דורך אַן „אַמאַטאָרן־שטונדע". מיט דעם האָט זיך געענדיקט אייבס לעצטער אָוונט פון רו פאַר אַ לאַנגער צייט.

דעם 23טן מיי איז אַרויס אַ רוף נאָך גראַנאַטן־וואַרפער. עס האָבן וואָלונטירט אייב און נאָך פיר. אייב איז אַרויס מיט צוויי, און ראַפּאַפּאָרט, דער סאַרדזשענט, איז אַרויס נאָך מיט צוויי.

די ערד איז געווען פייכט. די נאַכט איז געווען שוואַרץ.

שיסערייען האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן. אייב און זיינע צוויי כאַוויירים לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני. זיי שאַרן זיך פאָרויס. מיט אַ מאָל — טראַך! און זיי פאַלן אויף די בייכער. עס ווערט שטיל. אַ טויטע שטילקייט. אייבן דוכט זיך, אַז דאָס איז די שטילקייט פאַר זיין לעווייע, אָבער ער קריכט פאָרויס, גליטשט זיך אויף זיין בויך. פון ווייטנס הערט ער דעם טראַך פון די מאַשין־ביקסן. אין דער שוואַרצער וויסטעניש זיינען ערגעץ די רייען פון דעם סוינע. דאָרטן איז די מאַשין־ביקס נעסט, און ער דאַרף אַהין צוקומען. ער שלעפּט זיך און קריכט אין דער שוואַרצקייט אַריין, קריכט און שלעפּט זיך... שאַ... ש...אַ... דער ווינט מורמלט צו די קערפּערס אויפן פעלד. און די קערפּערס ענטפערן: „ש...אַ... שט... יל...ל... אייב לעבט נאָך... און ער וועט שוין זיין באַלד מיט אונדז... שאַ.. שט...יל...ל...ל...״

אייב קריכט נאָך אַלץ צום טראַך פון די מאַשין־ביקסן. נעענטער, נעענטער... ער קריכט. ס׳איז שוואַרץ די נאַכט, קיין לעוואָנע איז ניטאָ, נאָר אייב קריכט... קריכט... נעענטער, נעענטער, און . . . „וואַרפט!״ טוט ער אַ זאָג. און זעקס גראַנאַטן שפּאַלטן די ערד לעבן סוינעס רייען. אין אַ מינוט איז די לופט פול מיט שיסערייען. און אייב זעט, ווי די אַנדערע לויפן צוריק, און איינער נאָכן אַנדערן . . . פאַלן זיי טויטע..

אייב וואַרפט נאָך אַ גראַנאַט אין נעסט אַריין. עס ווערט שטיל. ער קריכט אַריין אין נעסט און געפינט צוויי טויטע פאַשיסטן. איינער איז אים באַקאַנט: דער יונגערמאַן פון דער שיף! דער, וועלכער האָט אים אַנגענומען פאַר אַ פריינט! „גוד רידאַנס!״ האָט ער אַ שפּיי געטאָן. ער איז אַרויסגעקראָכן פונעם נעסט און האָט אַרויסגעבראַכט מיט זיך די מאַשין־ביקס און די אַמוניציע.

אייב וואַרפט זיך ווידער אַ מאָל אויפן בויך און הויבט אָן קריכן צוריק צו זיינע רייען. מיט איין האַנט שלעפּט ער די מאַשין־ביקס. אין דער לופט פליען באָמבעס. אייבן ווערט הייס, ער שוויצט. ער הערט אויף צו קריכן אַ ווײַלע און ליגט זייער שטיל. „וועל איך צוריקקומען אַ לעבעדיקער?״ טראַכט ער.

ער קריכט ווייטער. פון דער ווייטנס דערזעט ער אַ שוואַרצע וואַנט. דאָס זיינען די לאַיאַליסטישע טרענטשעס. ער קריכט, און עס דאַכט זיך אים, אַז די וואַנט גייט אַפּ אַלץ ווייטער און ווייטער... די מאַשין־ביקס איז שווער. ער קאָן זיך קוים־קוים רירן... ער ליגט, רוט זיך אָפּ. ער דערמונטערט זיך: „נאָך עטלעכע טריט, נאָך עטלעכע מינוט...״

אין אַ זעקס שאָ אַרום איז אייב אַריינגעפאַלן, צוזאַמען מיט דער מאַשין־ביקס, אין די לאַיאַליסטישע טרענטשעס. און אַלץ איז אַוועק. אין קאָפּ איז — אַ וויסטעניש, אין פוס — אַ וואונד.

• • •

ווען אייב האָט געעפנט זיינע אויגן און האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער ניט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך. אַ מאַן אין ווייסן גייט צו אים צו און פרעגט אים, ווי ער פילט זיך. אייב זעט בעטן, מיידלעך, פרויען, אין ווייסע כאַלאַטן... ער ווייס שוין, וואו ער איז: ער איז אין שפּיטאָל.

דאָ, אין שפּיטאָל, האָט ער געטראָפן דעם פּוילישן באָכער, מיט די שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, מיט וועלכן ער האָט זיך שוין פריער באַקענט אין די באַראַקן. ער איז אויך געווען פאַרוואונדעט.

איין מאָל איז געקומען אויף אַ באַזוך אַ פאַשיסטישער עראָפּלאַן. אַלע האָבן זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן דיל. דער עראָפּלאַן האָט געצילט גלייך אין שפּיטאָל, אָבער זיי זיינען מיסטאָמע געווען בלינד, ווייל די באָמבעס האָבן ניט געטראָפן.

„די פאַרדאַמטע פאַשיסטן!״ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איינער צו די אַוועקפליענדיקע עראָפּלאַנען. „ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט זיין אויפן פראָנט...״ האָט אייב געזאָגט. דאָ האָט אַ באָמבע געטראָפן אויפן דאַך פון שפּיטאָל. עס האָט זיך ווידער דערהערט דאָס גערויש פון די עראָפּלאַנען. ווידער אַ לופטאַטאַקע! דאָס מאָל איז דער ציל געווען גוט, צו גוט! עטלעכע פאַרוואונדעטע זיינען דערהאַרגעט געוואָרן.

אייב איז געווען אין שפּיטאָל דריי וואָכן. נאָך דעם האָט מען אים געשיקט אַהיים. ער האָט פּראָטעסטירט, אָבער זיין

קאָמאַנדיר האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל: „הונדערט טעג אויפן פראָנט איז גענוג! ספּעציעל, הונדערט טעג אָן אָפּרו.“ און אייב האָט זיך געגרייט אָפּצופאָרן פון מאַדריד צו דעם שפּאַנישן גרענעץ.

ער איז שוין געווען אויף דער באַן. פינף מינוט פאָרן פון דעם פראַנצויזישן גרענעץ. און מיט אַ מאָל, ווידער פאַשיס־טישע עראָפּלאַנען און . . . אַ לופט־אַטאַקע!

אייב האָט געהאָלפן די פרויען און קינדער זוכן שוץ. פאַר זיינע אויגן איז אַ באָמבע געפאַלן אויף אַ מוטער מיט אַ פּיצל קינד. זיי זיינען ביידע געפאַלן, צעפּיצלטע. פרויען האָבן געבעטן צו גאָט, ער זאָל זיי ראַטעווען. קינדער האָבן געוויינט. די באַן איז צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צווייען.

די לופט־אַטאַקע איז געווען פאַר אייבן אַ זיי־געזונט פון שפּאַניע.

די האַלבע באַן איז אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל אין פראַנקרייך. פון דאָרטן האָט אייב גענומען אַ באַן קיין באָרדאָ, וואו ער האָט פאַרבראַכט צוויי טעג. אויף איינער פון די גאַסן האָט ער דערזען אַ גרויסע קראָם מיט אַן אויפשריפט: „ווי סעל אַמעריקען גודס דיירעקט פראָם יו. עס. איי.“ און אין פענצטער פון קראָם זיינען געלעגן פּעקלעך אַמעריקאַנער סיגאַרעטן. אייב האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע פריינט פון שיף, פּאָל און פּעט. וואו זיינען זיי איצט? אין אַ טאָג אַרום האָט אייב פאַרלאָזן פראַנקרייך.

.4

„אַ סיי, קען יו סי...
ביי די דאָנס אוירלי לייט...
וואָט סאָ פּראַודלי ווי היילד...
אין די טווייליטס גלימינג...“

אַזוי האָט געזונגען דער כאָר פון פּאַסאַזשירן. מאָרגן דאַרף די שיף אַריין אין ניו־יאָרקער האַפן.

גאַנץ פרי איז שוין אייב געשטאַנען לעבן דעם אַנלען פון דעק. ער האָט געקוקט צו די וואָלקנס און פון די וואָלקנס — אין וואַסער אַריין. אַלץ איז אַזוי שטיל און רואיק. די בלאַסע כוואַליעס האָבן זיך געקושט מיט דער שיף. די זון שיינט, און די שטראַלן טאַנצן צו פון פרייד.

ער זעט ווידער אַ מאָל די סטאַטוע פון פרייהייט. דער דעק איז פול מיט מענטשן. נאָר אייב זעט זיי נים. ער נעמט אַראָפּ זיין היטל און זאָגט צו דעם האַפן: „האַלאָ, אַמעריקע! לאַנד פון די בראַווע!"

„לאַנד פון די בראַווע..." האָט נאָכגעזונגען די שיף.

„לאַנד... פון... די... בראַווע..." האָבן נאָכגעשושקעט די כוואַליעס.

דער יאַם האָט נאָכגעקוקט דער שיף און האָט געררוישט צו די וואָלקנס: „אַזוי איז פון אַ פּאַשעטן יונג געוואָרן אַ קעמפער פאַר פרייהייט!"



# ער וועט אַזאַ פֿאַרבלייבן...

● אירווינג פּאַראַלסקי

ווי אַ רויך פון אַ קוימען ציט זיך אַ שוואַרצער פּאַס ערד פון איין הויכן באַרג צו דעם אַנדערן. אין מיטן פעלד שטייט אַ גרויסער בוים. ער שטייט געבויגן אָבער שטאַרק. דער בוים האַלט אויף זיך זיינע פרוכט מיט דער צערטלעכקייט פון אַ מוטער, וואָס האַלט אויף זיך אַ קינד. אין דער שטילקייט פון דעם אַרום קאָן מען הערן, ווי די בלעטער פון בוים אָטעמען... די שטילקייט, וואָס באַהערשט דאָס גאַנצע פעלד, איז אַ ציטערנ־דיקע. ס'איז אַ שטילקייט, וואָס קומט פאַר אַ שטורעם. די פייגל לאָזן אַרויס וואָרענונגען. זיי פליען צו דאָרעם.

באַלד האָבן זיך באַוויזן אין דער רואיקער בלויקייט האַריקע

וואַלקנס, וואָס האָבן זיך געקליבן איבער די בערג און קימאַט זיי אָנגערירט. די בלעטער האָבן זיך געבויגן אונטער דער שווער־קייט פון דער אָנקומענדיקער שווערער כמאַרע. פלוצלונג האָבן זיך די וואָלקנס אַריינגערוקט צווישן טאָל און דער זון. ווען דאָס ליכט, וואָס באַלייכט די ערד, איז אין גאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן, איז אין טאָל ניט געבליבן קיין ליכטיקער ווינקל.

די שווערקייט און די פינצטערניש האָבן לאַנג ניט גע־דויערט. די אָנגעלאָדענע וואָלקנס האָבן זיך ניט געקאָנט מער איינהאַלטן. ס'האָט אָנגעהויבן רעגענען. אַ בליץ האָט דורכ־געשטאָכן דעם הימל, וועלכער האָט אַ קרעכץ געטאָן מיט אַ דונער. דער בוים האָט אַ ציטער געטאָן און פון יעדן בלאַט האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט טראָפּנס רעגן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהאַלטן באַ די ברעגן פון די בלעטער און זיינען דערנאָך אַרונטערגעפאַלן.

ווען דער רעגן האָט געשמיסן איבער דער ערד, און דער דונער האָט ווי אַ האַמער געקלאַפּט אין די בערג, האָבן זיך דערהערט די קראַכן פון מאַשין־ביקסן. קוילן האָבן זיך געריסן און פייערלעך האָבן ווי ליכט באַלויכטן די ערנסטע און פייכטע פּנעמער פון די סאָלדאַטן. זיי זיינען געשטאַנען איינער לעבן דעם אַנדערן און געשאָסן פייער און שטאָל אין די רייען פון דעם סוינע אויף יענער זייט טאָל. ווען איינער איז געפאַלן, האָבן די אַנדערע פאַרביסן די ליפּן און געשאָסן מיט אַ פאַרגרעסערטער פאַרביטערונג — מ'האָט געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן אומראַכ־מאָנעסדיק. די סאָלדאַטן האָבן גוט געוואוסט, אַז זיי פאַרטיידיקן די ערד, אויף וועלכער עס זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרן מיט דוירעס און דוירעס צוריק די וואָרצלען פון פרייהייט און גלייכ־הייט. אַזאַ ערד קאָן ניט פיטערן אַ סוינע, וואָס ברענגט מיט זיך טויט און פאַרניכטונג. אַזוי האָבן געטראַכט די סאָלדאַטן, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן דעם אָנגריף.

דער קאָמאַנדיר האָט אַ געשריי געטאָן און איבער דער נעץ האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די העלדן מיט מאַשין־ביקסן צו די שטיינער אין טאָל. הינטער די שטיינער האָבן זיי זיך באַהאַלטן

און פאַרבעסערט זייער פּאָזיציע. איינער פון די סאָלדאַטן איז געווען אַ הויך־געבויטער, געזונטער באָכער. זיינע רויטע אויגן, הייס ווי קוילן, האָבן אַרויסגעקוקט פון זיין ברוינעם פּאָנעם און דורכגעשטאָכן דעם נעפּל. ווען ער איז געלאָפן מיט דער ביקס אין דער האַנט, האָט אַ קויל אים געטראָפן אין פוס. ער האָט שטאַרק פאַרקרימט דאָס פּאָנעם און איז געפאַלן.

ער איז געפאַלן אונטערן בוים. די ביקס האָט ער נאָך געהאַלטן פעסט אין דער האַנט. ער איז געלעגן אויף דער פייכטער ערד און דאָס וואַסער האָט דורכגענעצט זיין אוניפאָרם.

עטלעכע שאַ שפּעטער האָבן שטאַרקע זון־שטראַלן פאַרטריבן די וואָלקנס און זיך צעגאָסן איבער דער ערד. אַ קאָלירטער האַלבער קרייז האָט זיך צעשפּרייט פון איין עק האָריזאָנט ביזן צווייטן און אַריינגעצויגן אין זיך די קליינע און גרויסע בערג. אין די טרענטשעס איז געשטאַנען אַ סאָלדאַט מיט פעלד־גלעזער און האָט געזוכט פאַרוואונדעטע. ער האָט דערזען, ווי עס ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד דער געפאַלענער סאָלדאַט. ער האָט באַלד צוגערופן צוויי סאָלדאַטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף זייער פּאָסטן. ער האָט זיי געהייסן אויפהויבן זייער פאַרוואונדעטן כאַווער, וואָס איז געלעגן אַ פּאָר הונדערט פוס פון דעם טרענטש.

די סאָלדאַטן זיינען גלייך אַוועק אויספירן דעם באַפעל. זיי זיינען געקראָכן אויף די הענט און פיס, ווי אַ קאַץ, וואָס קריכט צו אַ פויגל. קוילן זיינען געפאַלן לעבן זיי. אָבער אין דער מינוט, ווען זיי האָבן דערגרייכט דעם פאַרוואונדעטן, האָט זיך דערהערט אַ גערויש ווי פון טויזנטער באַנען. זיבן עראָפּלאַנען זיינען געפלויגן איבער די בערג. די סאָלדאַטן האָבן זיך אַ וואַרף געטאָן אויף דער ערד אונטערן בוים. אָבער די עראָפּלאַנען האָבן זיי דערזען. און ווי אַן אָדלער, וואָס לאָזט זיך אַרונטער נאָך זיין רויב, אַזוי זיינען די עראָפּלאַנען אַרונטערגעפלויגן און באַשפּריצט דעם בוים מיט בליי. דער בוים האָט געלאָזט פאַלן זיינע פרוכט, ווי אַ דערשראָקן קינד אַ צאַצקע. די סאָלדאַטן האָבן געפּרוווט איינגראָבן די קעפּ אין דער בלאָטע, אָבער זיי האָבן

אנגעטראפן אויף שטיין. דער בליי האט זיך געגאסן פון הימל און געטראפן איינעם אין האנט און דעם אנדערן אין פוס.

ווען די עראפלאנען זיינען אוועק, האט זיך איינער אפגערופן מיט א הייזעריקער שטימע:

— איך בין פארוואונדעט.

— נו — האט דער צווייטער געענטפערט — איז וואס? איך בין אויך פארוואונדעט.

• • •

איינער פון די סאלדאטן, א בלאנדער באכער, וועמעס ווייכע האר עם זיינען זיך צעפאלן אויפן שטערן, האט באשלאסן קריכן צום טרענטש. ער האט זיך אבער באלד פארשעמט: פארלאזן די צוויי כאווירים, וואס ליגן לעבן אים פארוואונדעטע? ער האט א קוק געטאן אויף זיין פריינט. יענער איז געלעגן גאנץ שטיל. אבער אין די קניימשן אויף זיין פאנעם האט מען געקאנט זען, אז ער ליידט שרעקלעכע ווייטיקן.

דער בלאנדער איז געווען נידעריק געבויט. אבער אין זיין וואוקס האט זיך געפילט א וואונדערלעכע שטארקייט. ער איז געווען געשניצט ווי פון שטאל און פון די שארפע שניטן אויף זיין פאנעם האט מען געקאנט דערקענען, אז ער האט אן אייזערנעם ווילן. ער האט מיט איין האנט זיך ארייגגעגראבן אין דער בלאטע און זיך א צי געטאן צו זיין געפאלענעם כאווער. יענער איז געלעגן הילפלאז און קוים זיך אפגערופן:

— סיד?

סידני האט ארומגענומען זיין כאווער און גענומען קריכן צום טרענטש. זיין פארוואונדעטער פוס האט זיך געריבן אין דער בלאטע. עס האט לאנג גענומען, ביז זיי זיינען צוגעקראכן צום טרענטש. די סאלדאטן האבן זיי דערזען און אויסגעשריען פון פארוואונדערונג.

סאניטארן האבן געמאכט די פארוואונדעטע אזוי באקוועם ווי מעגלעך און זיי געהייסן ליגן שטיל.

ווען ס'איז געווארן פינצטער און דיווארעמע שטראלן האבן מער ניט געווארעמט די ערד, האט מען דערהערט, ווי עפעס

קומט נעענטער און נעענטער צום טרענטש. אַן אויטאָמאָביל האָט זיך געריסן דורך די בלאָטעס. באַלד האָט זיך דערזען אין דער פינצטערניש דער אַמבולאַנס מיט רויטע ציילעמער פון די זייטן, וואָס זיינען געווען באַשפריצט מיט בלאָטע.

דער אַמבולאַנס איז געבליבן שטיין. עס זיינען אַרוים צוויי דאָקטוירים מיט עלעקטרישע לעמפלעך אין די הענט. דער קאָמאַנדיר האָט מיט זיי זייער שטיל און ערנסט גערעדט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דערנאָך האָט מען אַרויסגעטראָגן די פאַרוואונדעטע און דער אַמבולאַנס האָט ווידער גענומען קריכן איבער די בלאָטעס.

שפּעטער האָבן זיך באַוויזן די לעוואָנע און די שטערן.

• • •

ביידע פאַרוואונדעטע זעען פאַר זייערע אויגן איין בילד:

עראָפּלאַנען טראָגן זיך איבער דער שטאָט און לאָזן נאָך זיך טויט. קליינע קינדער שפּילן זיך אין שאָטן פון אַ הויז, וואָס פאַלט פּלוצלונג איין און דערדריקט די קינדער. פּרויען גייען איינקויפן, אָבער זיי דערגרייכן קיינמאָל ניט זייער ציל. סירענעס שרייען אויס די געפאַר. מען לויפט אין די טונעלן. פון ווייטנס באַווייזן זיך די עראָפּלאַנען, די וויסנשאַפט פון דער העכסטער שטופע פון באַרבאַריזם בײַ די פאַשיסטן. זיי קומען און באַגיסן די ערד מיט פאַרניכטונג.

עס בלייבן כורוועס. די מענטשן קומען אַרויס פון די טונעלן, צעעפענען גרויס זייערע אויגן און דערזעען די כורוועס. אָבער זיי גלייכן זיך אויס און גייען העלפן די אומגליקלעכע, וועלכע זיינען באַגראָבן געוואָרן הינטער די הייזער. מען גראָבט אויס קליינע קינדער מיט די צאַצקעס אין זייערע הענט און מיט שמייכלען, וואָס זיינען צעקרימט געוואָרן פון טויט.

נאָך אַזעלכע בילדער פאַר די אויגן ווילן ביידע פריינט וואָס שנעלער זיך אומקערן צום פראָנט און שלאָגן דעם סוינע.

באַלד טראָגן זיך איבער זייערע געדאַנקען אַהיים. ביידע האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען אַן דעם וויסן פון די עלטערן. עס פּלאָגט זיי ניט דאָס געוויסן, ווייל ערשט אין שפּאַניע האָבן

זיי דערזען, אז זיי טוען א גרויסע זאך. זיי זיינען אויף די שלאכט־פעלדער פון שפאניע און זיי העלפן פארניכטן דעם קויער, וואס שאפט אזעלכע שרעקן.

מיט די געדאנקען וועגן שלאכט־פעלדער, וועגן זייערע פאמיליעס און פריינט שלאפןביידע איין.

• • •

דער אמבולאנס האט געזוכט זיין וועג אין דער נאכט און האט זיך געטרייסלט, ווי א שיף, אויפן פארבלאטיקטן וועג. די פארוואונדעטע זיינען געלעגן שטיל און מיט אפענע אויגן גע־שניטן די רו. אין א ווינקל האבן די דאקטוירים געארבעט אויף א שווער־פארוואונדעטן.

סידני איז געלעגן רואיק. ער האט ערשט אנגעהויבן פילן דעם ווייטיק. ס'איז אים געווארן היים און זיין צונג האט זיך געקלעפט צום גומען. ער האט זיך אנגעהויבן ווארפן. די דאק־טוירים האבן זיך ארומגעקוקט און דערזען, ווי סידני מאטערט זיך. מען האט אים דערלאנגט וואסער און ער האט זיך א ביסל בארואיקט. ער האט צוגעמאכט די אויגן און דערזען זיין היים, אמעריקע, און ער האט זיך דערמאנט אין דער נאכט, ווען ער האט פארלאזן ניו יארק.

• • •

ס'איז געווען א שוידערלעכע נאכט אין ניו יארק, ווען סידני איז מיטן אן ערנסט פאנעם געגאנגען אויפן וועג צו דער שיף. די עלעקטרישע שילדן האבן זיך געצונדן און געלאשן. סידנין האט זיך געדאכט, ווי א שטארקער ווינט לעשט זיי...

ניט ווייט פון האפן האט ער גענומען גיין שנעלער און אנט־שלאסענער. ער איז ענדלעך צוגעקומען צו דער שיף, אן אפ־געלאזענער דאמפער, וואס האט געדרויכערט, ווי א שווארצע גאס. סידני איז צוגעקומען צום בריקל, האט זיך ארומגעקוקט און איז ארויף. ער האט גלייך דערקענט איינעם פון זיינע כאוויירים. זיי האבן זיך באגריסט. דער ווינט האט א פייף געטאן צווישן די קוימענס פון דער שיף, א גלאק האט זיך צעקלונגען און געווארנט, אז די שיף פארלאזט דעם האפן.

עטלעכע פראַנצויזישע ווערטער האָבן דורכגעשניטן די קאַלטע לופט און די צוויי כאַוויירים האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. באַלד האָט זיך די שיף אָנגעהויבן רירן פון אָרט.

סידני האָט געקוקט אויפן ברעג און ס'האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז דאָס לאַנד גליטשט זיך אַוועק פון דער שיף און ער בלייבט אַליין.

ס'איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. שטיין אויף דעם דעק איז געווען צו קאַלט. סידני און זיין פריינט זיינען אַריין אין זייער קאַיוטע, האָבן פאַרלאָשן דאָס ליכט און זיך שטיל געלייגט. אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג האָט זיך געפילט אין דער לופט פון דער קאַיוטע.

• • •

עס זיינען פאַרגאַנגען דריי כמאַרעדיקע טעג. סידני און זיין כאַווער האָבן ווייניק גערעדט. זיי האָבן געשריבן אַ סאַך בריוו, האָבן געקוקט אויפן יאַם און זיך געוואונדערט איבער זיין גרויס. זיי האָבן געטראַכט וועגן זייער צוקונפט. סידני האָט געשריבן אַ פּאָעמע וועגן דעם סוינע, קעגן וועלכן ער פאַרט זיך שלאָגן. די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן באַרואיקט די שטורעמדיקע כוואַליעס, זיינען געווען אַ טייל פון זיין פּאָעמע. און יענעם טאָג האָבן די פריינט אָנגעהויבן רעדן אַ ביסל מער.

ווען די פּולע לעוואָנע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי זי גייט נאָך דער שיף, איז אַרויסגעקומען און האָט באַלויכטן ביידע פיגורן אויף דעם דעק פון דער שיף, איז נאָך געבליבן אַ טאָג ביז פראַנקרייך. זיי זיינען געשטאַנען ביז ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. ערשט דעמאָלט זיינען זיי מיד געוואָרן. זיי זיינען אַריין אין דער קאַיוטע און האָבן זיך געלייגט אין די בעטן. זיי האָבן דאָס ערשטע מאָל גוט באַטראַכט דאָס צימערל, דעם קליינעם קליידער־שראַנק צווישן די בעטן, דעם שפּיגל פון אויבן, דעם לאָמפּ, וואָס האָט זיך שטענדיק געשאָקלט; דאָס קליינע פענצטערל, וואָס די שטורעמס האָבן געוואַשן.

זיי האָבן זיך איצט געזעגנט מיטן צימערל. אין צוועלף שאַ אַרום וועלן זיי זיין אין פראַנקרייך. דאָס איז נאָך ניט שפּאַניע,

אָבער פון פראַנקרייך, האָט זיך זיי געדאַכט, איז שוין גאָרניט ווייט ביז שפאַניע. און דערנאָך — אַ ביקס אין דער האַנט און דער סוינע! סידנים בלויע אויגן זיינען געווען פול מיט פרייד.

• • •

די באַכערים זיינען געשטאַנען קעגן דעם ווינט און געזוכט לאַנד. מיטיק־צייט האָבן זיי דערזען אַ געבראָכענע ליניע אויפן יאַם. דאָס איז פראַנקרייך! וואָס נעענטער זיי זיינען געקומען, אַלץ גרעסער און דיקער איז געוואָרן די ליניע. ס'האָבן זיך באַוויזן געביידעס, רויך פון קוימענס און עראָפּלאַנען. די מאַטראָסן האָבן אָנגעהויבן זינגען און אַרבעטן שנעלער.

אַרום פינף אַזייגער, ווען די זון האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן צום האָריזאָנט, האָט זיך אָפּגעשטעלט די זון. עס זיינען אַרויס־געקומען עטלעכע באַאַמטע. זיי האָבן איבערגעקוקט די דאָקו־מענטן און אָפּגענומען אַ באַריכט פון דאָקטער.

אין צוויי שאָ אַרום האָבן זיך די פריינט געפונען אין פראַנקרייך.

ווען זיי זיינען אַראָפּ פון דער שיף, האָט זיי באַגריסט אַ מאַן מיט אַ טיפּיש רעוואָלוציאָנער פּאָנעם. ער האָט צו זיי גערעדט אויף ענגליש. זיי האָבן זיך פון אים דערוואוסט, אַז זיי וועלן דאַרפן בלייבן אין שטאָט דריי טעג. דערנאָך וועלן זיי קריגן אינסטרוקציעס ווי אַריבערצוגיין דעם גרענעץ. דער שמועס איז פאָרגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיי געפירט אין כאַווערס וואוינונג.

זיי האָבן דורכן פענצטער באַטראַכט די שטאָט און זיך געוואונדערט, וואָס זי זעט אויס ווי אַן אַמעריקאַנער שטאָט.

דעם כאַווערס וואוינונג איז געווען אָפּגעלאָזן. ביכער און מאַנוסקריפּטן איבער דער גאַנצער שטוב. צייטונגען אויף פאַר־שיידענע שפּראַכן זיינען געלעגן אויף אַ טיש. בילדער פון פאַר־שיידענע באַרימטע מענטשן זיינען געהאַנגען אויף די ווענט.

מ'האָט זיך געזעצט צום טיש און ווידער גענומען רעדן. אָבער איצט — וועגן דער צוקונפט. וועגן פאַרטיידיקן דעמאָ־

קראַטיע, שפּאַניע. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך געצויגן
דער שמועס.

אין דער פרי זיינען זיי געגאַנגען באַקוקן די שטאָט. זיי
האָבן געשיקט אַהיים קאַרטלעך מיט בילדער פון די פּלעצער,
וואָס זיי האָבן באַזוכט. דעם זעלביקן טאָג האָבן זיי דערהאַלטן
די אינסטרוקציעס צו פאַרלאָזן פראַנקרייך.

דער כאַווער האָט זיי געוואונטשן דערפאָלג אין דעם קאַמף.

• • •

די וועלט-באַרימטע פּירענייער בערג פאָרמירן אַ נאַטירלעכן
גרענעץ צווישן פראַנקרייך און שפּאַניע. די אַמאָליקע אַריסטאָ-
קראַטיע פלעגט זיך אַמוזירן אויף די בערג. אָבער איצט זיינען
זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט-פעלד.

פון אַן עראָפּלאַן וואָלט מען געקאָנט זען, ווי אַ שוואַרצע
מאַסע קריכט אויף די בערג, וואָס זיינען באַדעקט מיט שניי. די
שוואַרצע מאַסע איז געווען אַ גרופּע וואָלונטירן פון פאַרשיידענע
לענדער, וואָס גייען קיין שפּאַניע פאָרמירן איינע פון די
בראַווסטע בריגאַדעס אין קאַמף קעגן פאַשיזם. צווישן די וואָלונ-
טירן זיינען געווען סידני מיט זיין פריינט. אויף אַן אָפּגערעדטן
פּלאַץ האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט די אַנדערע וואָלונטירן און
זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אין שאָטן פון דער נאַכט זיינען די וואָלונטירן אָנגעקומען
אין אַ שפּאַניש גרענעץ-שטעטל. מ׳האָט זיי געגעבן עסן און
צעשיקט אין באַראַקן. אַלץ איז געטאָן געוואָרן שטיל און מיט
אָרדענונג. די וואָלונטירן האָבן געדאַרפט קריגן אַ ביסל מילי-
טערישע איבונגען, איידער מ׳האָט זיי אָפּגעשיקט צום פראָנט.

נאָך עטלעכע טעג מיליטערישע איבונגען זיינען סידני און
זיין פריינט געווען גרייט פאַרן פראָנט. מ׳האָט זיי געגעבן ביקסן.
איצט זיינען זיי געווען גרייט צו פאַרטרייבן דעם וואָרעם, וואָס
האָט זיך איינגעגעסן אין אַ פריי לאַנד. מ׳האָט זיי אָפּגעשיקט
אין אַ שטאָט, פון וועלכער זיי האָבן געדאַרפט גיין צום פראָנט.
אין דער שטאָט האָט סידני געזען, ווי מען פירט געפאַנגענע.
איינער פון זיי איז געווען אַ הויכער מאַסיווער דייטש מיט

בלאָנדע האָר און בלויע אויגן. ער האָט אויסגערופן צו סידנין:

— סאַלוט, קאַמעראַד!

אין סידנין האָט אויפגעברויזט אַ סינע. „קאַמעראַד" האָט ער אים גערופן. דער, וועלכער וואָלט אים דערהאַרגעט, ווען ער באַגעגנט אים אויפן שלאַכטפעלד.

אין אַ קאַלטער נאַכט האָט מען די צוויי פריינט גערופן, זיי געגעבן אוניפאָרמען און אָפגעשיקט מיט אַ טראַק צום פראָנט. דער וועג פון דער שטאָט צום פראָנט וועט בלייבן דאָס גאַנצע לעבן אין די געדאַנקען פון סידנין און זיין פריינט. אין דער נאַכט האָבן זיי איבערגעלעבט דעם שוידער פון עראָפּלאַנען, וואָס וואַרפן באָמבעס.

דער טראַק איז אַרויסגעפאָרן צוועלף אַזייגער באַנאַכט. אַלע סאָלדאַטן זיינען געווען אָנגעשטרענגט. מ'גייט זיך באַגעגענען מיטן סוינע. זיי האָבן אָבער ניט געוואוסט, אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען מיט דער מיעסער כייע נאָך פריער.

דער טראַק האָט אויסער דער שטאָט אָנגעהויבן פאָרן מיט אַ שרעקלעכער שנעלקייט. די בערג באַ דעם וועג זיינען גע־פלויגן, ווי אַ שטאַרקער שטורעם־ווינט וואָלט זיי געיאָגט.

די סאָלדאַטן האָבן דערהערט אַ שיסעריי. פריער אַ לאַנגער פייף און דערנאָך — אַן אויפרייס. דער טראַק שטעלט זיך ניט אָפּ. ער רייסט זיך דורך דער נאַכט פאָרויס צו זיין ציל.

פלוצלונג האָט אַ באָמבע אויפגעריסן דעם וועג, איבער וועלכן ס'האָט זיך געטראָגן דער טראַק. דער טראַק איז האַסטיק אַריין אין אַ גרוב. די סאָלדאַטן האָבן זיך האַסטיק אויפגעהויבן אין דער לופטן. באַלד האָט זיך די לופט אָנגעצונדן פון די אויפ־געריסענע באָמבעס. שראַפּנעלן זיינען געפלויגן אין דער לופט צוזאַמען מיט קופּעס ערד. ס'האָט אויסגעזען, ווי קליינע וואול־קאַנען רייסן אויף אַרום און אַרום.

די עראָפּלאַנען האָבן אויסגעלאָדן זייער טויטנדיקע פראַכט און זיינען אַוועק.

דער טראַק האָט זיך ווידער געריסן דורכן כוישעך...

• • •

אין די ערשטע ליניעס פון פראָנט זיינען געלעגן סאָלדאַטן, וואָס האָבן געוואָלט ווייטער זיך שלאָגן. אָבער זיי זיינען געווען פיזיש אויסגעשעפּטע. זיי האָבן הארציק באַגריסט די וואָלונטירן און זיי פאַרוואָרפן מיט פראַגעס. דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווייל מ׳האָט זיך געדאַרפט גרייטן אָפּצושלאָגן אַן אַטאַקע.

סידני האָט באַשלאָסן צילן זיין ביקס אַזוי, אַז יעדער שאָס זאָל טרעפן אין דעם סוינע.

פינף אַזייגער פאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן די אַטאַקע. דער סוינע האָט געוואָרפן אין דער שלאַכט אַלע זיינע קויכעס: מענטשן, טאַנקען, מאַשין־ביקסן און עראָפּלאַנען. בליי איז גע־פלויגן אין דער לופטן. דעם סוינעס סאָלדאַטן זיינען געלאָפן מיט ביקסן אין די הענט.

סידני האָט פאָרזיכטיק געצילט און געוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט. און אַ מאַשין־ביקס באַם סוינע האָט אויפגעהערט שיסן.

די אַטאַקע האָט געדויערט עטלעכע שעה. פאַרוואונדעטע זיינען געלעגן אויפן פעלד און האָבן געוואַרט אויף הילף. אַ סאַך סאָלדאַטן האָבן שוין מער ניט געדאַרפט וואַרטן אויף הילף... באַנאַכט זיינען אַרוים די סאַניטאַרן אויפקלייבן די פאַר־וואונדעטע.

סידני האָט זיך יענעם טאָג צוגעוואוינט צו זען בלוט. און בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער אין דער אַטאַקע. אַפילע ווען די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען, האָט דאָס פעלד אויסגעזען רויט. יענעם טאָג האָבן די פאַשיסטן אומגעבראַכט אַ סאַך גוטע קעמפער. דאָס האָט נאָך מער אויפגעברויזט די סאָלדאַטן. סידני האָט זיך נאָך דער אַטאַקע געפילט שלעכט, ווייל די סאָל־דאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען באַ זיין זייט, זיינען געפאַלן. ס׳איז אָבער געווען אַ טרייסט — דער זיג איבערן סוינע!

איינער פון די געפאַלענע איז געווען סידניס אַ פריינט נאָך פון ניו יאָרק, דער וואוילער ביל.

די ערשטע שלאַכט מיטן פאַשיזם האָט סידנין נאָך מער געעפנט די אויגן. ער האָט באַשלאָסן זיך אויסצייכענען אין זיינע מיליטערישע אויפגאַבן. און ער איז טאַקע אין גיכן באַשטימט

געוואָרן פאַרן פּאָליטישן טוער אין די טרענטשעס. סידני האָט געטאָן זיין אַרבעט מיט אימפּעט און ענערגיע און ער איז געוואָרן פּאָפּולער צווישן די סאָלדאַטן.

סידני האָט דערהאַלטן בריוו פון דער היים. מ׳האָט אים נאָך אַלץ געפרעגט פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן די היים און ניט דערציילט וואוהין ער פאָרט. סידני פלעגט נאָך אַ בריוו טראַכטן וועגן זיין פאָטער, מוטער און שוועסטער.

ער האָט זיך באַטייליקט מיט זיין שיף־כאַוועֶר אין אַ סאַך שלאַכטן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן ווי אַ שפּאַנישער בירגער. ער האָט זיך ביסלעכווייז באַקענט מיט דער שפּראַך און מיט די זיטן פון די שפּאַניער. ער האָט ליב געקראָגן דאָס פאָלק, מיט וועלכן ער קעמפט זייט בא זייט; ער האָט דערקענט אַ פאָלק, וואָס גייט אָרום הונגעריק, נאָר עס קעמפט און ראַנגלט זיך קעגן אַ סוינע, וואָס איז ערגער פון הונגער — דער פאַשיזם. ער האָט ליב געקראָגן דאָס פאָלק, וואָס האָט אַזויפיל מוט איבער־צולעבן באַמבאַרדירונגען. אַזאַ פאָלק איז ווערט די הילף פון אַלע ליבהאָבער פון פרייהייט, האָט סידני געטראַכט. ער איז געווען שטאָלץ, וואָס ער איז איינער פון די, וואָס העלפן אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט.

עטלעכע מאָנאַטן איז סידני געווען אויפן שלאַכט־פעלד, ביז ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן. אָבער איצט, טראַכט סידני, וועט ער מער קיין נוצן ניט קאָנען ברענגען. אַזעלכע געדאַנקען האָבן אָנגעפילט סידנין אין שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן אַ פאַר־וואונדעטער.

• • •

מ׳זאָגט, אַז אין אַ זיג פאַרלירט מען אויך עפּעס. און אָט איז אַ פאַל, ווען מ׳האָט עפּעס פאַרלאָרן און דאָך געזיגט. סידני דערמאָנט זיך, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער אין יענער שלאַכט, אין וועלכער ער איז אַליין פאַרוואונדעט געוואָרן, גע־ראַטעוועט זיין פריינט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער שלעפּט זיין פריינט איבער די בלאָטעס און ברענגט אים אין טרענטש אַריין. זיין פּאָנעם האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט געקוקט אויף

זיין פריינט, וועלכער איז געלעגן אויף דער אַנדערער זייט פון צימער, האָט געלייענט אַ צייטונג, און זיך געפרייט אינעווייניק.

סידניס וואונד איז ניט געווען אַזוי קליין, ווי אים האָט זיך געדאַכט. סידני האָט שוין געוואוסט, אַז ער דאַרף בלייבן אויף אַ צייט אין שפּיטאָל און ער האָט באַשלאָסן זיין געדולדיק.

איינמאָל האָבן אַלע פאַרוואונדעטע זיך צוזאַמענגעלייגט און געקויפט אַ ראַדיאָ. דאָס איז געווען אַ נייעס אין שפּיטאָל. יעדער פאַרוואונדעטער האָט זיך געוואָלט צוהערן צו אַ פּראָגראַם, וואָס אינטערעסירט אים. זיכער האָבן אַלע גלייך געוואָלט הערן נייעס פון פראָנט. אָבער אויסער נייעס האָבן די אַמעריקאַנער געוואָלט הערן פּראָגראַמען אויף ענגליש; די דייטשן — אויף דייטש; די פּוילישע — אויף פּויליש, און די שפּאַנישע — נאַטירלעך, אויף שפּאַניש. אַן אירלענדער האָט זיך איינמאָל איינגעשפּאַרט, אַז ער מוז זיך צוהערן צו אַ פּראָגראַם פון לאָנדאָן. די פּראָגראַם איז געווען אַ רעליגיעזע. און פון דעמאָלט אָן האָבן די פאַרוואונדעטע גערופן דעם אירלענדער „דער הייליקער”.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אין שפּיטאָל אַ ניי לעבן — ראַדיאָ. נאָך יעדן זיג אין די רייען פון שפּאַנישן פאָלק איז די סאָלדאַטן צוגעקומען אַ שטיק געזונט.

עס איז געוואָרן אַ געוואוינהייט בײַ די פאַרוואונדעטע, אַז די וואָס פילן זיך שוין בעסער, זאָלן דערציילן מייסעס וועגן זייערע דערפאַרונגען. איינער פון די סאָלדאַטן האָט אַמאָל דערציילט אַ מייסע, וואָס איז געווען גאַנץ ענלעך אויף סידניס דערפאַרונגען. זיין מייסע האָט אָנגעצונדן אַ פייער אין די הערצער פון אַלע פאַרוואונדעטע.

ער האָט דערציילט, ווי ס'איז איינמאָל פאָרגעקומען אַ שלאַכט אין אַ פראַסטיקער נאַכט, ווען דער שניי האָט אַלץ פאַרדעקט און די קעלט האָט געברענט ביזן ביין. אין דער נאַכט האָבן זיך די סאָלדאַטן דערוואוסט, אַז אַ פאַרוואונדעטער געפינט זיך אויפן פעלד. דער סאָלדאַט האָט געבעטן אַ דערלויבעניש אים צוריקצוברענגען אין טרענטש. ער האָט זיך גוט איינגע־

וויקלט און איז אַרױס אין שטורעם. ווען ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג פון טרענטש, האָט דער סוינע געעפנט אַ שיסעריי און ער האָט געמוזט צוריקלויפן אין טרענטש. שפּעטער איז ער ווידער אַרױס זוכן דעם פאַרוואונדעטן. אָבער דער שנייַ האָט פאַרבלענדט די אויגן. ער האָט אָבער באַשלאָסן ניט צוריק־צוקומען אָן דעם פאַרוואונדעטן. ער האָט פּלוצלונג דערהערט אויפן פעלד אַ קרעכץ און אָנגעהויבן קריכן צום אָרט, פון וואַנען דער קרעכץ האָט זיך געטראָגן. ווען ער איז צוגעקומען צום פאַרוואונדעטן, האָט ער זיך דערשראָקן אויף טויט: דער פאַר־וואונדעטער איז געלעגן מיט אַן אויפגעריסענעם בויך. ער האָט דעם פאַרוואונדעטן מיט גרויס פאָרזיכט צוריקגעבראַכט אין טרענטש. שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מ׳האָט אים געראַטעוועט.

טראַכט סידני:

דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן נאָר אין אַן אַרמיי, אין וועלכער די סאָלדאַטן זיינען פריינט און ברידער.

• • •

סידני איז געוואָרן אומרואיק. די שאָען, וואָס ער האָט פאַר־בראַכט אין שפּיטאָל, זיינען געוואָרן לאַנגווייליק. ס׳האָט אים געצויגן צוריק צום פראָנט, צום שלאַכט־פעלד, וואו ס׳איז זיין פליכט צו זיין. אָבער דער שיקזאַל פון אַ מענטשן ליגט ניט אין זיינע הענט.

ער האָט אויסגעפונען, אַז ווען ער וועט ווערן געזונט, וועט ער דאַרפן צוריקפאָרן קיין אַמעריקע.

ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן שפּאַניע, ווייל זיין שלאַכט איז נאָך ניט געווען קיין געוואונענע. איבערלאָזן אין מיטן איז סידנין שווער געווען. אָבער אַ סאָלדאַט דאַרף זיין דיסציפּלינירט.

ער האָט ניט געלאָזט וויסן זיינע עלטערן, אַז ער קומט אַהיים. ער האָט געוואָלט, אַז זיין אָנקום, ווי זיין אָפּפאָר, זאָל זיין אומדערוואַרט.

• • •

ער האָט אָנגעהויבן פאַרפּאַקן דאָס קליין ביסל זאַכן, וואָס

ער האָט פאַרמאָגט. באַ יעדער זאַך, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין זיין אַלטן טשעמאָדאַן, האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט.

ער האָט געקראָגן זיינע פּאַפּירן און איז אַרויס פון שפּיטאָל. ער האָט דערזען אין גאַס, ווי מען פירט יעסוימים אין אַ קינדער־היים. אַזאַ סצענע האָט אים ווידער אַ ציַ געטאָן צום פראָנט. אַזאַ איז שוין סידני: וואו ער זעט נאָר אָן אומגערעכטיקייט, מוז ער זיך אָננעמען. אַזאַ איז ער און אַזאַ וועט ער פאַרבלייבן.

• • •

אין אַ באַן, וועלכע פאָרט קיין פּאַריז, זיצט אַ יונגערמאַן, פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. ער קוקט אויף דעם לאַנד, וואָס איז באַדעקט מיט וויינגערטנער. די באַן לויפט שנעל. די פעלדער לויפן שנעל. און סידניס געדאַנקען טראָגן זיך אויך שנעל.

די באַן איז אַרויס פון די פעלדער און אַריין צווישן פאַבריקן, הויכע קוימענס און רויך. באַלד איז שוין פּאַריז. ער האָט גע־וואָלט בלייבן אין שטאָט עטלעכע טעג, אָבער אין זעקס שאָ אַרום גייט אָפּ זיין שיף.

די זעקס שאָ האָט סידני פאַרבראַכט אין דער שטאָט מיט נאָך פאַרוואונדעטע וואָלונטירן, וואָס זיינען צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע. זיי האָבן געקויפט וויין און געטרונקען פאַרן זיג פון שפּאַניע.

• • •

סידני שטייט אויפן דעק פון דער שיף און טראַכט:

ער האָט אַ סאַך געלערנט און איבערגעלעבט אין שפּאַניע. ווען מען רופט אים אַהין, פאָרט ער גלייך צוריק.

און די שיף שניידט איר וועג איבער די כוואַליעס. עס ווערט שוין טונקל. עס בלייבט נאָר דאָס ליכט פון דער שיף, ווי אַ לאַמטערנע, אויף דעם גרויסן אַטלאַנטיק. — — — — — —



# געפאַלן אין קאַמף...

**● נאָרמאַ געצאָף**

1

**דאָס איז געווען** אַ אַלט, כּאָרעוו שטעטל מיט אַלטע נידעריקע שטיבלעך מיט קליינע פענצטער, בלינד פון לאַנגע יאָרן פינצטערניש; מיט קרומע געסלעך, וואָס דרייען זיך ווי אָדערן, פאַרקערעווען זיך אַהער און אַהין ביז אויסערן שטעטל.

הינטערן שטעטל עפענען זיך ברייטע וועגן. ליכטיקע פעלדער שפּרייטן זיך ווייט, ווייט צום בלויען הימל.

דער קליינע מוישע פלעגט אַנטלויפן פון כיידער, וואַנדערן אַ פאַרכאָלעמטער אויף די וועגן, די פיס אין שטויב, וואַנדערן, ביז ער פלעגט קומען צו דעם געדיכטן אלטן וואַלד, און הינטערן

וואַלד, לעבן טייך, דערהערן דאָס קראַכן פון גרויסע ביימער, וואָס זיינען געפאַלן אונטער די העק פון זיין טאַטנס האָלץ־העקער.

דער קליינער מוישע האָט ליב געהאַט צו וואַנדערן הינטערן שטעטל, צו באַהאַלטן זיך ערגעץ לעבן „טאַטנס" טייך און באַטראַכטן, ווי די גרויסע ביימער שווימען איבער דעם שנעלן טייך. ער האָט ליב געהאַט דעם טאַטנס אַרבעטער, זייער קויעך, זייערע הויכע געלעכטערס, זייער גוטמוטיקייט.

ער האָט מוירע געהאַט פאַר דעם שטילן אומעטיקן שטעטל, מוירע געהאַט און זיך געפילט עלנט. וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד ס'איז געווען צווישן זיין טאַטנס גרויסער, באַקוועמער שטוב אויפן ראַנד פון שטעטל און די קליינע אַלטע שטיבלעך אויף די קרומע געסלעך; וואָס פאַר אַן אונטערשייד — צווישן אים, זיינע קליידער און גאַנצע שיך און די אַנדערע אָפּגעריסענע ייִנגלעך, וועלכע פלעגן זיך רייצן מיט אים, אָבער זיינען קיינמאָל ניט צוגעקומען נאָענט צו זיין טאַטנס הויז! אַפילו ווען זיי וואָלטן צוגעקומען, וואָלט זיי מיסטאָמע די מאַמע אוועקגעטריבן.

זיי שפּילן זיך צוזאַמען און ער, מוישע, קוקט אויף זיי מיט קינאה. דערפאַר טאַקע האָט ער ליב געהאַט צו באַהאַלטן זיך לעבן טאַטנס וואַלד און שטילערהייט שטיין לאַנגע שעהן און באַטראַכטן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן די לעבעדיקע, טומלענדיקע אַרבעטער און די לאַנגע ביימער, וואָס שווימען אויפן טייך.

אָט די טעג געדענקט מוישע. ער וועט אויך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי ס'האָבן מיט אַ מאָל אָנגעהויבן קומען פרעמדע מענטשן אין שטעטל אַריין; מענטשן מיט ביקסן און טונקל־גרינע קליידער אויף זיך. דאָס קליינע שטעטל איז פּלוצלונג אָנגעפילט געוואָרן מיט טומל און אויפרעגונג. אַ געפיל פון אומרו און מוירע האָט זיך פאַרשפּרייט אַפילו אין דעם אייגענעם הויז. דער טאַטע און די מאַמע האָבן צווישן זיך שטיל גערעדט אין דעם צימער מיטן רויטן פּליושענעם מעבל. ער געדענקט באַזונדערס יענעם טאָג, ווען ער האָט מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען

און מיט די קלענערע שוועסטערלעך און ברידערלעך זיך אַריינ־געפּאַקט אין אַ הילצערנער פור מיט צוויי אַלטע פערד און זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס גרויסע הויז, דעם גרינעם וואַלד און דעם שנעלן טייך און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן ווייט, ווייט, אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט מיט אַנדערע מענטשן און אַנדערע יינגלעך.

די נייע שטאָט איז אים געווען פרעמד, אומהיימלעך — אַן אומרואיקע, גרויסע שטאָט. געלעבט האָבן זיי אין אַ קליין נידעריק הייזל פון דריי צימערן. און ס׳וואָלט טאַקע געווען ענג אין דעם קליינעם שטיבל, ווען דער טאַטע וואָלט ניט אַלעמאָל אַוועקגעפאָרן ערגעץ אויף עטלעכע וואָכן.

ער פלעגט פרעגן בײַ דער מאַמען, וואו דער טאַטע איז געפאָרן, פלעגט זי שאָקלען מיטן קאָפּ, זיפצן און זאָגן:

— אַרבעטן, מיין קינד, אַרבעטן.

איינמאָל איז דער טאַטע אַוועקגעפאָרן אויף אַ זייער לאַנגער צייט. פון אָנהייב פלעגן פון אים אָנקומען בריוו פון איין שטאָט, פון אַ צווייטער. דערנאָך זיינען מער קיין בריוו ניט געקומען. די מאַמע פלעגט וויינען אין דער שטיל. ער האָט געוואוסט פאַר־וואָס. פלעגט ער שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און קוקן אויף איר, אָדער אַ קוש טאָן זי און זאָגן:

— מיר וועלן אים נאָך געפינען.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיין שוועסטער מיריעם אָנגעהויבן אַרבעטן און דערנאָך — די שוועסטער ראָכל. זיי פלעגן אַהיימ־קומען בײַנאַכט מיד און נערוועז. די מאַמע פלעגט אויף זיי שטיל קוקן און שווייגן. זי איז איצט אַלע מאָל געווען שטיל און אומעטיק. צו אים, מוישען, איז זי געווען זייער גוט, אים געגעבן גוטע זאַכן צו עסן און געלאָזט אים זיך וואַלגערן איבערן שטעטל. און דאָס האָט ער טאַקע אָנגעהויבן ליב האָבן. ס׳איז דאָ געווען אַזוי פיל אינטערעסאַנטע זאַכן. דאָס לאַנגע קרומע געסל — וואוהין פירט עס? וואָס ליגט באַהאַלטן אין די אַלטע פינצטערע צימערן פון דער שטוב מיט די צעבראָכענע פענצטער

הינטער דער שטאָט? אָבער מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט די יאַרידן.

אַ יאַריד! ס'איז אַ זוניקער טאָג. אומעטום אַ טומל און אויפרעגונג. פון באַגינען קומען אין שטאָט פּויערים אויף הילצערנע וועגענער, מיט הינער אין שטייגן, מיט אייער און קאַרטאָפל. די קרעמער פון שטעטל פאַרפּוצן זייערע קראָמען. יידענעס צעלייגן זייערע קאָלירטע סכוירעס אויף טישלעך אין מיטן מאַרק. מ'קויפט און מ'פאַרקויפט. פּויערים און יידענעס דינגען זיך הויך אויפן קאָל. פערד הירזשען, כאַזיירים כרוקען, הענער קרייען.

די פּויערים קויפן גרויסע פלעשער שנאַפּס, עפענען זיי אין טרינקען אוים אויף אַ מאָל און וואַרפן די ליידיקע פלעשער אויף דער ערד.

נאָך אַ טאָג וועט מוישע קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

ס'איז געווען זונטיק. אין שטאָט איז געווען שטיל. מענטשן זיינען געזעסן אין דער היים, אָדער שפּאַצירט אין גאַס. מיט אַמאָל האָט אַ ווילדער שטורעם אויסגעבראָכן אין שטעטל. פון ערגעץ-וואו האָט זיך גענומען אַ האַמוין פאַרשיקערטע פּויערים. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די גאַסן, אַריינגעבראָכן זיך אין אַ סאַך הייזער, אַרויסגעשלעפּט אַלטע יידן באַ די בערד און זיי געשלאָגן. זיי האָבן געשריען אויף הויכע ווילדע קוילעס: „ביי זשידאָוו!" — און שרעקלעך געלאַכט. די געשרייען פון די פּויערים און די קוילעס פון די געשלאָגענע האָבן זיך געטראָגן צום בוידעם, וואו ער, די מאַמע און די צווייטע שוועסטער זיינען געלעגן און האָבן געציטערט. די מאַמע איז געווען זייער בלאַס. זי האָט אים געהאַלטן באַ דער האַנט און שטיל געבעטן צו גאָט.

אַ גאַנצן טאָג האָבן די פּויערים אַזוי פּאָגראָמירט. ווען ס'איז געוואָרן שטיל, זיינען זיי אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם. מוישע האָט דערזען דורכן פענצטער דעם כורבן. צעבראָכן מעבל איז געלעגן אין מיטן קאַס. ליידיקע פלעשער, פון וועלכע ס'האָט נאָך געוונען שנאַפּס, האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן טראָטואַר.

דאָ און דאָרט — בלוט־פלעקן. קיין מענטשן האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט זען.

פאַרנאַכט האָט אַ טיפערע פינצטערניש, ווי אָוונט, זיך גע־פילט אין שטעטל. אַ מוירעדיקע, וויינענדיקע שטילקייט האָט זיך צעלייגט אומעטום. די מאַמע האָט אים געהייסן זיך לייגן שלאָפן.

מוישע איז געלעגן אין בעט און האָט געטראַכט. שלאָפן האָט ער מוירע געהאַט. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער פינצטערער נאַכט.

דעם טאָג האָט מוישע באַהאַלטן אין קאָפּ אויף אייביק. ער וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

נאָך אַ טאָג געדענקט ער: דער טאַטע איז צוריקגעקומען. ס'איז שוין געווען דריי יאָר נאָך דעם ווי ער איז פאַרפאַלן גע־וואָרן. מוישע איז שוין אַלט געווען זעכצן יאָר. ער האָט געאַרבעט בא דער אַלטער דוואָשען אין קרעמל.

די מאַמע איז געקומען צו לויפן. אירע אויגן — ליכטיקע. אַפילע אירע איינגעפאַלענע באַקן זיינען געווען אַ ביסל פאַר־רויטלט. זי האָט איינגערוימט דער קרעמערקע אַ סאָד אין אויער. יענע האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— אַזוי גאָר? אָר־וואָ! נו, גיי שוין, גיי מיט דער מאַמען, מוישע!

די מאַמע דערציילט אים גאָרניט. זי וויינט און לאַכט אין דער זעלביקער צייט.

— וועסט שוין זען אין דער היים!

מוישע לויפט איר נאָך.

אין דער היים, אין עס־צימער, זיצט אַ מאַן מיט אַן אַראָפּ־געבויגענעם קאָפּ, מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען. מוישע קוקט אויף אים. זאָל דאָס זיין? ... ער גייט צו אַ ביסל נעענטער. דער מאַן הייבט אויף דעם קאָפּ. ס'איז דער טאַטע! ער הייבט זיך אויף, נעמט אים אַרום און זאָגט:

— דאָס איז ער, דער מעשומעד?

די מאַמע שטייט און וויינט. און מוישע שעמט זיך אַ ביסל. אַ מאָדנעם געפיל האָט ער.

דערנאָך איז אַלץ געשען אַזוי פלוצלונג. זיי פאָרן קיין אַמעריקע. אַמעריקע! ער קאָן זיך גאָרניט אָפּוואונדערן. מען פּאַרפּאַקט די קישנס, די איבערבעטן, קליידער, מעבל, לעפל, אַלץ. די לעצטע טעג פאָרן אָפּפאָרן שלאָפט מען אויפן דיל.

מענטשן קומען זיך געזעגענען, מען וויינט און מען קושט זיך. מען פאַרלאָזט די שטאָט און מען פאָרט.

מ'איז געפאָרן דורך שטעט און שטעטלעך, ביז מ'איז געקומען אין דער שטאָט, פון וואַנען די שיף גייט אָפּ.

מוישע איז שוין מער ניט געווען קיין יינגל. אָבער ער וואונדערט זיך אויף אַלץ ווי אַ קינד. ער האָט דאָך קיינמאָל קיין שיף ניט געזען. און סאָראַ שיף! אַ ריזיקער פּאַלאַץ! הויך, גרויס, שטאָלץ! ער ווערט גוטע פריינט מיט אַ יינגל, וואָס ווייס אַלץ אין דער וועלט. דערציילט אים דער יינגל, וואָס הייסט יאָסל, אַז העכער אויף דער שיף, אין צווייטן און ערשטן קלאַס, פאָרן די רייכע. דאָרט זיינען פאַראַן שיינע צימערן פאַר יעדן איינעם. און מע גיט דאָרט מאַראַנצן. אָבער אין דריטן קלאַס איז דאָ פאַר אַלעמען בלויז איין פינצטער צימער.

אַ גאַנצע וואָך זעט מען דורך די רונדע פענצטערלעך בלויז יאַם און הימל.

אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן האָט מען דערזען לאַנד אויפן האָריזאָנט — אַמעריקע! אַלע זיינען געוואָרן אויפגערודערט און צעטומלט. דער ברעג לאַנד ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. די שיף שטעלט זיך אָפּ — אַ ניי לאַנד!

פון אָנהייב האָט מוישע קימאַט ווי מורע געהאַט פאַר דעם לאַנד. אַזאַ הויך, ברייט, פרעמד, ריזיק לאַנד. און הייזער ניט פון איין שטאָק אָדער צוויי, נאָר פון דרייסיק, פערציק און פופציק. מע קאָן דאָ אויפהויבן דעם קאָפּ, קוקן אַזש ביזן הימל און נאָך אַלץ ניט זען דעם העכסטן שטאָק.

טראַמווייען — נאָך טראַמווייען. איין אויטאָמאָביל — נאָך אַ צווייטן. אַ באַן, וואָס פאָרט אין הימל און אַ באַן, וואָס פאָרט

אונטער דער ערד. און מענטשן! אומעטום — מענטשן! ער האט קיינמאל ניט געוואוסט, אז ס'איז פאראן אזויפיל מענטשן אויף דער וועלט. און באנאכט זיינען די גרויסע גאסן באלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפלעך — רויטע, בלויע, גרינע, געלע. א וואונדערלאנד טאקע!

אבער וואו ער וואוינט — וואו אלע ארעמע וואוינען — איז גארניט אזוי שיין און וואונדערבאר. די הייזער זיינען אלטע און פארפינצטערטע פון רויך און שטויב. די גאסן זיינען שמאלע, און קיין זון קומט ניט אריין.

צוזאמען מיט די קאנטראסטן, וועלכע ער האט ביסלעכווייז אנגעהויבן פארשטיין, האט מוישע דערזען די גאלדענע מעדינע.

2.

מיט יארן שפעטער, ווען מארים קאפלאן איז שוין געווען א באליבטער פירער פון די פאר־ארבעטער, פלעגט ער דערציילן זיינע דערינערונגען פון די ערשטע יארן אין אמעריקע, ווי ער האט גלייך אנגעהויבן ארבעטן, ווי ער האט געהאסט די פאר־ארבעט, ווי ער איז דעמאלט געווען אזוי פול מיט כאלוימעס צו ווערן רייך. ער פלעגט דערציילן וועגן דעם אנהייב פון זיין קלאסן־קאמף — דא פלעגט ער זיך צעשמייכלען — ווען מען האט אים ארעסטירט אין א סטרייק, און ער האט זיך דערוואוסט אויף וויפיל אמעריקע איז א פריי לאנד. דא פלעגט ער צוגעבן, אז ער איז אלעמאל געווען באוואוסטזיניק. ער האט פון קינדווייז אן זיך געוואונדערט און געוואלט פארשטיין דעם אונטערשייד צווישן ארעמע און רייכע.

אז מ'האט געקוקט אויף זיין פאשעטן, ערלעכן פאנעם מיט די גוטע, טיפע אויגן, האט מען געקאנט פארשטיין, וואס ס'האט דעם מענטשן געטריבן צו זוכן אן ענטפער, און וואס ס'האט אים שפעטער געטריבן זיך אנצושליסן אין די רייען פון די קעמפער פאר דער דעמאקראטישער שפאניע.

• • •

אין די יאָרן פון קריזיס האָבן מענטשן פאַרגעסן, וואָס מיינט פרילינג, וואָס מיינט זיין לעבעדיק, זיין גליקלעך. געוואוסט האָט מען נאָר — קריזיס, נויט, האָפענונגלאָזיקייט. אין די יאָרן האָט דער קלאַסן-קאַמף זיך שטאַרק אַנטוויקלט. מאָריס קאַפּלאַן איז געווען איינער פון די טויזנטער פירער אין סטרייקס, אויף פּיקעט-ליינס, אויף דעמאָנסטראַציעס. די אַרבעטער האָבן זיך גוט באַקענט מיט דעם הויכן, פעסטן מענטשן מיט די טיפע און גוטע אויגן.

די קאַמפּן האָבן אים צוגעגרייט פאַר שפּאַניע. די פראַגע פון קעמפן אויף דער זייט פון די לאָיאַליסטן אין דעם שפּאַנישן קריג איז פאַר אים געווען אַ קלאָרע. פון אָנהייב אָן האָט ער געוואוסט, אַז זיין פּלאַץ איז אין די רייען פון די לאָיאַליסטן. ער האָט זיך ניט געשטעלט קיין הויכע פילאָזאָפישע פראַגעס. פאַר אים איז געווען קלאָר: אויף איין זייט שטייט די כייע פון רע-אַקציע, פון פינצטערניש און אונטערדריקונג — דער זעלביקער קויעך, וואָס האָט געבראַכט פּאָגראָמען אין זיינע קינדערשע יאָרן — און אויף דער אַנדערער זייט — שטייען די פּאָשעטע מענטשן, די אַרבעטער, די מאַסן פון שפּאַניע. און אין די רייען פון אַרבעטער איז ער דאָך אַלעמאָל געווען!

זיין ווייב האָט שפּעטער דערציילט, ווי ער איז אַוועקגעפאָרן. זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט אים אַריינגעלייגט אין וואַליז עטלעכע האַנטעכער, עטלעכע ליילעכער, אַ ציין-בערשטל. ער האָט זיך באַ איר געבעטן: „וואָס דאַרף איך דאָס אַלץ?" זיי האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און זיינען אַוועק צו דער שיף. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן — האָט זי שפּעטער דערציילט — אַז אין איין אויגנבליק האָט זי אים געזען און אין איין אויגנבליק איז ער פאַרשוואונדן. פּאַשעט זיך געזעגנט, אַרויפגעלאָפן אויף דער שיף און דערנאָך געשטאַנען באַם אַנלען אויף דעם דעק מיט אַנדערע וואָלונטירן. זי האָט דערנאָך געזען, ווי ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף די אַקסלען פון צוויי וואָלונטירן, האָט זיך צעשמייכלט און . . . די שיף האָט פּאַמעלעך גענומען אָפּגיין.

• • •

ער האָט ניט געקאָנט לאַנג קעמפן אין שפּאַניע. אין די ערשטע טעג פון קאַמף האָבן זיך די אַרבעטער געשלאָגן מיט נאַקעטע הענט. מ׳האָט געשיקט די וואָלונטירן אין שלאַכט, ווי נאָר מ׳האָט געקראָגן אַ ביסל אַמוניציע, אַ ביקס אויף עטלעכע. ס׳איז קיין צייט ניט געווען צו געבן זיי גענוג מיליטערישע קענטענישן. די וואָלונטירן זיינען געגאַנגען אין שלאַכט, קעדיי מיט זייערע קערפּערס אויפצובויען מעכטיקע ווענט אַרום די שפּאַנישע שטעט און דערפער.

מאָרים קאַפּלאַן איז געווען איינער פון זיי.

צוויי מאָנאַטן נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי געקראָגן זיין ערשטן און לעצטן בריוו. אַ פּאַשעטער, האַרציקער בריוו:

„מיין טייערע:

איך שרייב נאָר עטלעכע ווערטער, צו דערציילן דיר, אַז איך בין אַלרייט. איך בין זייער צופרידן, וואָס איך בין געקומען אַהער. ס׳איז אינטערעסאַנט צו זען דאָס שיינע שפּאַנישע לאַנד, וואָס די פאַשיסטן ווילן רואינירן. איך האָב זיך דאָ באַקאַנט מיט אַנטי־פאַשיסטן פון איבער דער גאַנצער וועלט און כ׳האָב דאָ באַגעגנט אַ סאַך פריינט פון אַמעריקע. איך בין זייער צופרידן, וואָס איך בין דאָ."

צוריקגעקומענע וואָלונטירן האָבן דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גרופּע־פירער. אין די טרענטשעס איז ער געווען פּאַשעט, האַרציק און אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ער איז געווען אַ שטילער. אָבער ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט פאַרלירן. און איין וואָלונטיר האָט דערציילט, אַז איינמאָל אין איינער פון די ערנסטע אַטאַקעס האָט ער אים געזאָגט:

— זיי פאַרזיכטיק. אַ פאַרוואונדעטער כאַווער ליגט אין טרענטש.

• • •

ס׳איז שווער איצט צו רעדן וועגן שפּאַניע. עס זעט אויס, ווי דער קאַמף וואָלט פאַרלאָרן געגאַנגען; אַז אַלע קאָרבאָנעס

זיינען געווען אומזיסט. ס׳איז זייער גרינג אריינצופאלן אין די זומפן פון פעסימיזם. עס איז שווער צו זען די ענד פון א שטורעם אין מיטן שטורעם. און ס׳איז זייער שווער צו זען דעם זיג אין מיטן קאמף.

אבער דער סאף פון דעם אלוועלטלעכן קאמף איז באשטימט און זיכער. א קאמף, אין וועלכן ליכט קעמפט קעגן פינצטערניש; דאס גוטע — קעגן יעדן קויעך פון סינע און האס — מוז געווינען.

די מענטשלעכע געשיכטע איז פול מיט העראאיזם. אבער אין דער מאדערנער געשיכטע איז דער מאסן־העראאיזם פון טויזנטער העלדן — א וואונדער! און די העלדן זיינען געווען פאשעטע ארבעטער, מארים קאפלאנס. דאס איז טאקע דער וואונדער פון שפאנישן קאמף.

די אמעריקאנער וואלונטירן האבן מיט זייער קאמף אויפגעבויט דעם גרעסטן מענטשלעכן מאנומענט, דאס גרעסטע ווערק פון אונדזער צייט.

די ארבעטער פון דער וועלט וועלן דאס אייביק געדענקען און ערן!



# ער דאַרף נאָך אַזויפיל זאַכן טאָן...

● ראָזע סילווער

ס'איז אַ גרויער פרימאָרגן. עס איז ניט קאַלט, אָבער עס פעלט די וואַרעמקייט, וואָס דאַרף באַגריסן, ווען מ'כאַפּט זיך אויף אין אַ האַרבסט־טאָג. ס'איז נאָך אָקטאָבער. דער זומער איז געווען אַ וואַרעמער און האָט זיך פאַרצויגן אין די האַרבסט־מאָנאַטן. קיין ווינט בלאָזט ניט. ס'איז רואיק אין דרויסן, ווי אין אַ קלויסטער, וואו יעדער איינער בויגט זיין קאָפּ...

דער טאָג האָט געגאָסן פוילקייט אין די גלידער. ס'איז געווען אַ טאָג, ווען מ'קאָן ליגן און טראַכטן וועגן דעם, וואָס ס'האָט פּאַסירט; וואָס ס'האָט געקאָנט פּאַסירן און וועגן דעם, וואָס קאָן נאָך פּאַסירן.

הערי ליגט אויף אַ נידעריקן בעט באַם פענצטער. ער האָט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון אַן אומרואיקן שלאָף. הערי איז אַ געזונטער יאַט פון אַ יאָר דריי און צוואַנציק. יעדער טייל פון זיין קערפּער איז פול מיט ענערגיע. ער קוקט זיך אַרום, באַטראַכט יעדע זאַך: די ריינע ווענט, די הויכע סטעליע, די גלאַטע שטולן און דעם טיש. און באַזונדער — דאָס ווייכע בעט מיטן גרויסן קישן, וואָס איז אַזוי ווייס און ווייך. ווי קומט ער צו די זאַכן, ווען ערשט מיט דריי וואָכן צוריק איז ער געלעגן אין בלאָטעס און יעדע מינוט איז זיין לעבן געהאַנגען צווישן טויט און לעבן?

ס׳איז ערשט דריי וואָכן זינט ער איז אַהיימגעקומען פון שפּאַניע, דאָס שלאַכטפעלד פאַר דעמאָקראַטיע. ס׳איז אים שווער זיך צוצוגעוואוינען צום זעלביקן לעבן, וואָס ער האָט פאַרלאָזט, קעדיי צו פאַרניכטן דעם שרעקלעכסטן סוינע פון דער מענטשהייט, דעם פאַשיזם.

די שטילקייט פון דער גאַס און די זאַפטיקע רו העלפן אים איבערלעבן אויף דאָס ניי זיין ערשטן געפיל: פאַרן קיין שפּאַניע! ער ווייסט, אַז ער האָט געטאָן די ריכטיקע זאַך, אָבער ער שמייכלט צו זיך אַליין. אַ שמייכל, וואָס זאָגט:

— דו נאַר, וואָס דו ביסט געווען! וויפיל יאָר האָסטו פאַרבראַכט אָן נוצן? וויפיל יאָר זיינען אַוועק מיט גאָרנישט? ס׳האָט דיר אַזוי לאַנג גענומען אויסצוגעפינען וואָס דעמאָקראַטיע איז...

הערי קוקט אַדורך זיין לעבן. ער איז געבאָרן געוואָרן אין ברוקלין. אַן איין און איינציקער זון. זיינע עלטערן זיינען געווען פּאַשעטע אָרעמע מענטשן. די מאַמע און דער טאַטע זיינען געבאָרן געוואָרן אין פּוילן. זיי זיינען אַריבערגעפאָרן דעם יאַם אין 1905. זיי זיינען אַנטלאָפן פון פּיין און פּאָגראָמען זוכן אַ נייע היים און אַ בעסער לעבן.

דער פאָטער האָט געאַרבעט שווער און ביטער פון פאַרטאָג ביז באַנאַכט אין שמוציקע שוויץ-שעפּער. זיינע אויגן האָבן זיך מיט יעדן טאָג פאַרקלענערט פון דעם שמוץ, כווישעך און שטויב.

ער איז געשטאָרבן אַ קראַנקער מאַן. די מאַמע, וואָס האָט אזוי שווער געאַרבעט ביז איצט, האָט געדאַרפט נאָך מער זיך אָנשטרענגען. קיינער האָט ניט אכטונג געגעבן אויף הערין.

מ׳האָט שפּעטער אָפּגעגעבן הערין אין אַ יעסוימים־הויז. דאָרט האָט אים געפעלט די ליבשאַפט און ווארעמקייט פון אַ מאַמען. ווי פּאָשעט אַ מאַמע איז, קאָן מען קיינמאָל ניט געפינען נאָך אזאַ טיפע, ריינע און הייליקע ליבשאַפט. איר איבער־געגעבנקייט צום קינד איז פון די סאַמע הערלאישע עלעמענטן פון לעבן.

• • •

אין די אויגן פון אַ באַזוכער אין יעסוימים־הויז האָט הערי אויסגעזען, ווי ער פּאַסט זיך אָהין ניט אריין. זיינע שוואַרצע געקרייזלטע האָר; טיפע, שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן דורכ־געדרונגען יעדן איינעם; זיין בלאַס פּאָנעם. אזאַ קינד האָט באַלאַנגט אין אַ וואַרעמערער סוויווע, ווי אין אַ יעסוימים־הויז.

צוערשט איז הערין אַלץ געווען פרעמד. ער איז געווען סענסיטיוו, און יעדעס וואָרט, יעדע געשעעניש האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ שטרענג וואָרט האָט בײַ אים ארויסגערופן טרערן.

הערי איז געווען אַ שעמעוודיקער און האָט ניט געקאָנט באַפריינדן זיך מיט אַנדערע קינדער. אָבער אין אַ יעסוימים־הויז איז די באַציאונג פון איין קינד צום אַנדערן אַ כאַוועריש, כאָטש יעדער איינער איז פאַרנומען מיט זיין אייגענעם צאַר.

• • •

זיבן יאָר זיינען פאַרבייגעגאַנגען. הערי איז שוין באַלד געווען אַ מענטש. ער איז געוואָרן פאַרהאַרטעוועט. ער בענקט שוין ניט מער נאָך דער מאַמען. ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, וואָס אַ מאַמע איז.

• • •

נאָך די זיבן יאָר אין יעסוימים־הויז איז הערי אָנגעקומען אין דער מאַנהעטן קאָמערץ־שול. קיין העכערע בילדונג האָט ער ניט געקראָגן, אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַר־

אינטערעסירן מיט וועלט־געשעענישן. ער האָט זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אין דער ווײַ. סי. על. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן זיין לעבן. ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַ סאַך פריינט.

אין דער צייט האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג אין שפּאַניע. הערי איז געוואָרן זייער אַקטיוו. ער ווייסט שוין וואָס קאַמף איז און פאַרוואָס ער קעמפט.

די לאַגע אין שפּאַניע איז געוואָרן ערנסטער און ערנסטער. איטאַליע און דייטשלאַנד האָבן געהאָלפן די רעבעלן מיט שפּייז, אַמוניציע און עראָפּלאַנען. אַלץ אין לאַנד האָט געלעבט אונטערן צייכן פון טויט. אין יעדער שטאָט איז געלעגן די געפאַר, ווי אַ שוועבעלע לעבן בענזין.

ניט בלויז הערים האַרץ, נאָר אויך זיין געדאַנק האָבן באַשטימט:

גיין זיך שלאָגן פאַר אַן אידעאַל, פאַרן רעכט, וואָס דאַרף געהערן צו יעדן איינעם, וואָס ווערט געבאָרן. דער פראַנט האָט אים גערופן. די לאָיאַליסטן האָבן אים גערופן. זיין אידעאַל האָט אים גערופן. די מענטשהייט האָט אים גערופן. אַלע האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו אים, און ער האָט געענטפערט אויף זייער רוף.

• • •

דער פרימאָרגן איז גרוי. די שאַרפע קאַלטע לופט עסט זיך אַריין אין קערפּער. צוויי מענטשן גייען, איינגעטוליעט די קעפּ אין די אַקסלען. מען רעדט ניט צווישן זיך. מען גיט אַפילו ניט קיין קוק איינער אויפן אַנדערן. זיי גייען צו דער שיף. ווען זיי קומען צו נעענטער, קאָן מען דערקענען: אַ מיידל און אַ באָכער.

הערי און זיין שוועסטער קוקן זיך אַרום פאַרדעכטיק. זיי הייבן אָן אַרויפצוגיין אויפן בריקל, וואָס פירט צו דער שיף.

אויפן דעק איז נאָך קעלטער. אַ נאַסער ווינט בלאָזט פון יאַם.

— געדענק, הערי, זאָלסט זיך שטאַרק היטן. אַז מ׳וועט אויסגעפינען, וועט זיין ——

— שאַ — שטילט הערי איין זיין שוועסטער — ס׳וועט

נאָך זיין ערגער, אויב מ׳וועט אויסגעפינען דאָ, אויף דער שיף. קום בעסער אַריין אין קאַבין.

— הערי, איך בעט דיך נאָך אַ מאָל, היט זיך. איך האָב געליינט אין די צייטונגען, אַז ——

— הער, עסטער, וואָס דענקסטו בין איך, אַ קינד? איך קאָן אַכטונג געבן אויף זיך.

— כ׳ווייס, הערי. אָבער וואָס וועט זיין מיט דער מאַמען?

— דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב איר געזאָגט, אַז איך פאָר קיין סאָוועטן-פאַרבאַנד. זי האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ מעשוגע-נעם. זי וועט דאַרפן אויסגעפינען שפּעטער. דו וועסט איר דער-ציילן. אָבער זיי פאָרזיכטיק. דו ווייסט דאָך, אַז זי נעמט זיך שטאַרק צום האַרצן.

— יאָ, הערי — טרערן האָבן זיך דערהערט אין איר שטים. אָבער זי האָט זיי איינגעהאַלטן, הערי זאָל ניט דערזען. זי איז געווען שטאָלץ מיט איר ברודער און האָט געגלויבט אין אים. זי האָט אים אַרומגענומען מיט אירע הענט, ווי אַ מאַמע, וואָס וויל ניט אָפּלאָזן איר קינד. אַ קליינער טרער האָט זיך אַרויס-געגאַנוועט פון אַ ווינקל פון אויג און געבלאַנדזשעט איבער איר גלאַטער בלאַסער באַק.

זי האָט זיך שנעל אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו אים און איז שטיל אַרויס פון קאַבין.

• • •

הערי איז געשטאַנען אויפן דעק. אַנטקעגן אים איז גע-שטאַנען די גרויסע שטאָט. די הימל-קראַצערס האָבן אויסגע-קוקט, ווי זיי רייסן זיך צו די הימלען. אַ שווערער גרויער נעפּל האָט פאַרבונדן דעם הימל מיט די געביידעס. האָבן די געביידעס אויסגעקוקט ווי וואָלקנס אין אַ שאַרפערער פאָרם...

הערי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. ס׳איז געווען פינף און צוואַנציק מינוט נאָך זעקס. ער איז געוואָרן אומרואיק. ער פאַרלאָזט אַ פרידלעכע היים און פאָרט אין אַ שעכט-הויז. זיינע געדאַנקען ווערן מיט אַ מאָל צעשטערט פון דעם פייפן פון דער שיף. הערי האָט זיך געלאָזט צו דער נאָז פון שיף. אַ ווינט האָט

געבלאָזן און געטריבן דעם שוים אויף דער שיף. קעגן הערין האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ברייטקייט פון בלויער גרויקייט.

די שיף איז אַרוים אין יאַם. הערי איז אַראָפּ אין זיין קאַבין. ער האָט אַרויסגענומען אַ בוך און גענומען לייענען. ער האָט מיט קיינעם זיך ניט געוואָלט באַפריינדן, טאָמער וועט מען צו־שטיין צו אים מיט פראַגעס.

• • •

די זיבן טעג אויף דער שיף זיינען ניט געווען אַנדערש פון דעם ערשטן טאָג. אויפן זיבעטן טאָג האָבן זיינע קאַבין־כאַווערים אָנגעהויבן רעדן, אַז אין אַ פּאָר שאָ אַרום וועט מען שוין זיין אין פראַנקרייך.

הערי האָט צונויפגעלייגט זיינע זאַכן, איז אַרויף אויפן דעק. ער איז אַזוי געשטאַנען ביז די שלעפּ־שיפלעך האָבן אַריינגע־שלעפּט די שיף אין האַפן.

ער איז אַראָפּ פון דער שיף און אַוועק אויפן פּלאַץ, וואו מ'האָט אים געהייסן מעלדן זיך. ער האָט זיך דאָרט באַפריינדט מיט עטלעכע וואָלונטירן.

ער איז געבליבן אין פראַנקרייך אַ וואָך. ער איז געגאַנגען מיט אַנדערע וואָלונטירן זען פאַרשיידענע טעאַטער־פאָרשטע־לונגען.

סאָף וואָך האָט מען זיך געקליבן גאַנוועגען דעם גרענעץ. אין אַ פרייטיק נאַכט זיינען אַלע געווען גרייט. קיינער האָט ניט גערעדט. קיינער האָט ניט געפרעגט קיין פראַגעס. יעדער איינער איז געווען רואיק און אַנטשלאָסן. מ'האָט דערפילט, אַז אַ גע־היימעניש שטייט פאָר.

די בערג זיינען שוין געווען איינגעוויקלט אינעם גרוי פון אָוונט. אַלץ איז געווען שטיל. מ'האָט אַ סאַך מאָל געדאַרפט קריכן אויף אַלע פיר. יעדער איינער איז געווען פאַרטיפט אין איין געדאַנק: וואָס שנעלער אַריבערגיין דעם גרענעץ. יעדע מינוט איז געווען ווי אַ שאָ. יעדע מינוט האָט געבראַכט נעענטער צום ציל...

פערצן און אַ האַלבע שאָ האָט עס געדויערט. ווען ס'איז

געבליבן בלויז איין שאָ ביז דעם שפּאַנישן גרענעץ, האָבן די וואָלונטירן אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך. מ׳האָט אַפילו אָנגעהויבן שפּאַסן: וואָס וועט געשען, ווען זיי וועלן דערזען דעם ערשטן שפּאַניער?

• • •

די ערשטע שפּאַניער זיינען געווען די גרענעץ־סאָלדאַטן. באַלד האָבן פּראַגעס אָנגעהויבן פליען פון ביידע זייטן. מ׳האָט גערעדט צווישן זיך, אַזוי ווי איינער דעם אַנדערן וואָלט שוין געקענט יאָרן.

זיי האָבן אַלע צוזאַמען געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. די וואָלונטירן האָבן פאַרגעסן זייער מידקייט און מיט קלאָרע און פייערדיקע שטימען געזונגען. דאָס געזאַנג האָט דורכגעשניטן די הארטע בערג.

באַלד האָבן די שפּאַנישע סאָלדאַטן דערמאָנט די וואָלונטירן, אַז זיי זיינען אַוואַדע הונגעריק.

— טאַקע עמעס — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די וואָלונטירן. די סאָלדאַטן האָבן צעטיילט זייער שפּייז צווישן די וואָלונטירן. מ׳האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסן ווי הייׁשעריקן. זיי זיינען אָבער געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז זיי האָבן אַפילו ניט געוואוסט וואָס זיי עסן. צווישן יעדן ביס האָט מען געשאָטן מיט פראַגעס. און די סאָלדאַטן האָבן געפּרואווט ענטפערן יעדן איינעם.

• • •

אין אַ פּאָר שאָ אַרום זיינען זיי אָפּגעפאָרן אין לאַגער. אויסער עטלעכע האָט קיינער פון זיי קיינמאָל אין לעבן אַפילו ניט אָנגערירט קיין עמעסע ביקס.

זיי האָבן זיך אין לאַגער באַגעגנט מיט וואָלונטירן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. אַ סאַך שפּאַנישע יונגעלייט זיינען אויך געווען אין דעם לאַגער. זיי האָבן זיך געפרייט מיט די וואָלונטירן, פלעגן זיך טיילן מיט זיי מיט זייער לעצטן ביסן. זיי האָבן פאַרגעטערט די וואָלונטירן. אין זייערע אויגן האָבן די אַמעריקאַנער יונגעלייט מאַקריוו געווען אַלין אין דער וועלט, אויב זיי האָבן געקאָנט פאָרן טויזנטער מיילן און פאַרבייטן זייער פרידלעך לאַנד אויף

אַ שלאַכט-פעלד. די שפּאַנישע יונגעלייט האָבן קיינמאָל ניט גע־טראַכט וועגן זייער אייגענער געפאַר.

אַ מאָנאַט צייט האָבן זיי זיך געלערנט מיליטערישע איבונ־גען. זיי האָבן זיך צופיל ניט אויסגעלערנט. ס'איז קיין צייט ניט געווען פאַר דעם. נאָכן מאָנאַט האָט מען זיי אָפּגעשיקט צום פראָנט.

הערי איז געוואָרן אומרואיק. ער איז קיינמאָל ניט געווען אויף קיין שלאַכטפעלד.

• • •

ס'איז געווען פרילינג. פייגעלעך זיינען געפלויגן איבערן שלאַכט-פעלד. דער הימל איז געווען העל און לופטיק-בלוי. די גראָזן און ביימער, וואָס זיינען ניט צעריסן געוואָרן פון באָמבעס, האָבן שוין אָנגעהויבן גרינען.

די רו אויפן פראָנט האָט לאַנג ניט געדויערט. אין יולי האָט הערי זיך באַטייליקט אין דער ערשטער שלאַכט, בא ברונעט. די לאָיאַליסטן האָבן אין דער שלאַכט פאַרכאַפּט זעקס וויכטיקע שטעט. פון דער מינוט אָן איז מען שוין ניט געשטאַנען אויף איין פּלאַץ. מ'האָט געהאַלטן אין איין גיין פאָרויס.

אויף הערין האָט די ערשטע אַטאַקע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. איבער אים זיינען געפלויגן באָמבעס. הינטער אים האָבן קאַנאָנען אויסגעשפּיגן זייער שרעקלעכן פּולווער. יעדע מינוט האָבן באָמבעס באַלויכטן דעם שוואַרצן הימל מיט אַ בלענדנדיק ליכט. הערי איז געלאָפן מיט דער ביקס אין האַנט צו די טרענטשעס אַנטקעגן אים. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט דעם פייף פון גראַנאַטן. אַ גראַנאַט האָט אויפגעריסן לעבן אים. די ערד איז זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן. אַ סעקונדע שפּעטער האָט ער דערפילט, ווי עפּעס האָט אים באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס.

ער האָט זיך איינגעגראָבן מיט די נעגל אין דער ערד און פאַרגראָבן דאָס פּנים. די פליענדיקע ערד איז געפאַלן אויף אים. פּלוצלונג דערפילט ער, ווי עמעצער שלעפּט אים באַם אַרבל:

— הערי, וואָס ליגסטו ווי אַ ליימענער גוילעם ? דו ביסט אויף אַ שלאַכט־פעלד ! קום, לויף נאָך מיר !

ער האָט ווידער גענומען לויפן. ער האָט אויף דאָס ניי שאַרף פאַרשטאַנען, וואו ער געפינט זיך. די לופט איז פול מיט אויפרייסן און געשרייען. עראָפּלאַנען זשומען. און איבער אַלץ דער רוף :

— פאָרויס !

הערי איז געלאָפן, געפאַלן איבער די גריבער, געקראָכן אין בלאָטע, זיך אויפגעהויבן און ווידער געלאָפן. ער האָט פאַרגעסן וועגן דעם כאַווער באַ זיין זייט. אָבער מיטאַמאָל האָט ער דער־פילט, ווי עמעצער שלעפּט אים אַרונטער אין אַ גרוב :

— אוי, ווי גרין דו ביסט ! — האָט אים געזאָגט זיין כאַווער.

— אָבער וואָס איז געשען ? וואָס דאַרפן מיר טאָן ? — האָט הערי געפרעגט באַ מאַרטינען.

— וואָס ביסטו אַזוי צעטומלט ? זעסט ניט, אַז עס ווערט שוין אַ ביסל ליכטיקער ?

הערי האָט זיך אַרומגעקוקט און באַמערקט, אַז זיין כאַווער איז גערעכט. דער הימל האָט אָנגעהויבן גרויען. ער האָט אויך באַמערקט, אַז ס׳איז געוואָרן רואיק.

די שלאַכט האָט געדויערט אַ סאַך טעג. פוןביידע זייטן זיינען געווען גרויסע פאַרלוסטן. הערים כאַווער אוירווינג האָט געקראָגן צוויי וואונדן. ווען מ׳האָט אים אַרויפגעלייגט אויפן טראָג־בעטל, האָט ער זיך גענומען בעטן :

— לאָזט מיך דאָ, איך בעט אייך. ס׳וועט נעמען אַ טאָג און כ׳וועל ווידער קאָנען אַרומגיין. זעט : איך קאָן אַפילע איצט זיך אויפהויבן.

און ער האָט געפּרואווט זיך אויפהויבן. אָבער זיינע פיס האָבן זיך גענומען וואַקלען און ער איז אומגעפאַלן.

• • •

נאָך אַ שלאַכט פלעגן די סאַניטאַרן אַרויסגיין מיט זייערע טראָג־בעטלעך איבער קיינעמס לאַנד. די פאַשיסטן האָבן אָבער ניט אויפגעהערט צו שיסן. און די סאַניטאַרן האָבן געמוזט גיין

פֿאַמעלעך און גלייך, קעדיי ניט טרייסלען די פֿאַרוואונדעטע. אַזוי האָבן זיי געטאָן זייער אַרבעט, איינגעוויקלטע אין דעם שטויב פֿון טויט. אַ סך פֿון זיי זיינען אויך דערהאַרגעט געוואָרן.

אָפּט פֿלעגן די רעבעלן צוקומען צו דער לאָיאַליסטישער זייט און זיך בעטן, מ׳זאָל זיי אַריינגעמען צו די לאָיאַליסטן. מ׳איז געווען פֿאָרזיכטיק מיט זיי, קעדיי עס זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן קיין שפּיאָנען.

הערי האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט איינמאָל געפֿאַנגען צוויי רעבעלן. זיי האָבן זיך געבעטן באַ הערין:

— לאָז אונדז אָפּ. מיר ווילן אייך ניט האַרגענען. מיר ווילן צוריק אויף אונדזער שטיקל ערד.

הערי האָט זיי באַרואיקט:

— האָט קיין מוירע ניט. מיר וועלן אייך נאָך עפּשער אַריינגעמען אין אונדזערע רייען, און איר וועט דעמאָלט וויסן, פֿאַרוואָס איר קעמפֿט.

• • •

איינמאָל האָט מען הערין געשיקט אויף אַ זייער געפֿערלעכער אַרבעט. ער האָט געדאַרפֿט מיט נאָך אַ פּאָר וואָלונטירן איבערשניידן די פֿאַשיסטישע שטעכיקע דראָטן. מ׳האָט געדאַרפֿט זיין זייער פֿאָרזיכטיק. זיי האָבן זיך געגאַנוועט אין דער שטיל דורך אַ וואַלד. זיי האָבן זייער אַרבעט דורכגעפֿירט מיט דערפֿאָלג. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין טרענטש, האָט מען זיי אויפֿגענומען ווי העלדן.

• • •

אַ יאָר און אַ האַלב איז הערי געווען אין שפּאַניע. קעסיידער אין געפֿאַר פֿון טויט. די מילכאָמע האָט אויף אים געלאָזט אירע שפּורן. זינט ער איז צוריקגעקומען, קאָן ער זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוואוינען צום פֿרידלעכן לעבן. ער קאָן ניט אָפּווישן פֿון זיינע אויגן די אויסגעהונגערטע קינדער, די ערנסטע פּנעמער פֿון די סאָניטאַרן, די צעריסענע אייוורים פֿון זיינע כאַווערים.

זינט ער איז צוריקגעקומען, וויל ער נאָך העכער שרייען:

— העלפט פאַרטיידיקן דאָס, וואָס איז יעדן ערלעכן מענטשן טייער — דעמאָקראַטיע !

ער וויל מיט זיין פאַרבליבענעם קויעך שרייען :

— אָ, איר, וואָס קאָנט נאָך אָטעמען די פרייע לופט, זעט, אַז דעמאָקראַטיע זאָל ניט אונטערגיין !

אָבער ——

ער ליגט איצט אין אַ בעטל באַ אַ פענצטער אין ברוקלין און טראַכט.

דערווייל הייבט שוין אָן די זון איר טעגלעכן גאַנג איבער דער וועלט. דער טאָג פאַנגט זיך שוין אָן. הערי הייבט זיך אויף פון בעט. דער טאָג וועט נאָך פאַרבייגיין און ער דאַרף אַזויפיל זאַכן טאָן !...



# פּאַנעם על פּאַנעם

● סידני קאַן

א שיף, אויף וועלכער עס געפינען זיך אַמעריקאַנער וואָלונ־טירן פאַר שפּאַניע, פאָרט קיין פראַנקרייך. דער יאַם איז אומרואיק, און די קעמפער פאַר דעמאָקראַטיע, וואָס מאַכן ניט קיין צו אָפטע לוסט־רייזעס קיין אייראָפּע, האָבן אַלע יאַם־קראַנקהייטן.

די זון גייט אויף. עס ווערט ליכטיקער. די כוואַליעס זיינען באַקרוינט מיט ווייסן שוים. די לופט איז קאַלט און קלאָר.

דער יידישער וואָלונטיר הערשל שטייט אויפן דעק. ער איז אַ גאַנץ הויכער, גוט־געבויטער, מיט בלאָנדע האָר און פייערדיקע

אויגן. ער איז זייער אַ געלערנטער באָכער, געגאַנגען אין קאָלעדזש, געהאָלפן אָרגאַניזירן די סטודענטן. ער האָט אויך געקראָגן אַ הויכע יידישע דערציאונג, און קען די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור.

איצט האָט אים נאָר איין זאַך ווי געטאָן: וואָס זיינע עלטערן און נאָענטע האָבן אים ניט פאַרשטאַנען. ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט זיינע כאַוויירים אויף דער שיף. קימאַט אַלע האָבן געהאַט די זעלביקע איבערלעבונגען פאַרן אַוועקפאָרן. אַ סאַך האָבן זיך אַפילע ניט געזעגנט מיט זייערע נאָענטסטע, ווייל זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז טאָמער דערוויסן זיי זיך, וועט מען זיי ניט לאָזן פאָרן קיין שפּאַניע.

מיט הערשלען איז געווען אַזוי: צוויי וואָכן פאַרן פאָרן האָט ער געלאָזט וויסן זיין טאַטן:

— פּאַ, איך פאָר קיין שפּאַניע!

דער פאָטער איז געוואָרן בלאַס:

— זון, שוין אַ פּאָר מאָנאַטן ווי איך האָב באַמערקט, אַז עפּעס איז מיט דיר געשען. דיינע געדאַנקען זיינען דערגאַנגען צו מיר. כ׳האָב געפילט, אַז ס׳טוט דיך ווי, וואָס דו ביסט דאָ און דאָרט שלאָגט מען זיך פאַרן רעכט צו לעבן. דאַרפסט מיר ניט דערקלערן, ווי דו פילסט זיך. איך ווייס.

דער טאַטע רעדט ווייטער:

— הער זיך איין, זון. דאָ אין אַמעריקע אַרבעטסטו פאַר דער באַוועגונג. דערציסט יידישע קינדער אין אַ יידישער שול פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. טוסטו דען ניט דיין פליכט דאָ אין אַמעריקע, אָפּצושטעלן דעם פאַשיזם? ווילסטו גיין פאַרטיידיקן דיינע פּרינציפּן אויף פרעמדער ערד, אָבער דיין פּלאַץ איז דאָ. וויפיל הערשלס זיינען פאַראַן באַ אונדז? נעם זיך צייט, זון, טראַכט איבער ערנסט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, וועסטו איינזען, אַז וואָס איך זאָג איז עמעס.

הערשל באַנעצט די ליפּן מיט זיין צונג. פון דעם טאַטנס רייד איז אים געוואָרן ענג אין האַלדז. אַז דער טאַטע רעדט אַזוי,

איז וואָס וועט שוין די מאַמע אים זאָגן? זי איז ניט אַזוי אויפ־געקלערט ווי ער, און זי איז — אַ מאַמע!

הערשל האָט שוין אָבער זיין וועג באַשטימט. ער דערקלערט דעם טאַטן:

— איך בין אַ סאַך נעכט ניט געשלאָפן און האָב אַ סאַך טעג ניט געגעסן צוליב שפּאַניע. איך בין שוין מיד פון קעמפן מיט ווערטער. דאָס וואָרט איז טאַקע נוצלעך, אָבער די רעזול־טאַטן דערפון זיינען צו קליין און נישטיק אין פאַרגלייך מיט דעם קאַמף אין שפּאַניע. דאָרט, פּאָנעם על פּאָנעם מיטן סוינע, אויף דער שפּאַנישער ערד, קאָן מען דעם פאַשיזם געבן אַזאַ קלאַפּ, אַז ער זאָל שוין קיינמאָל ניט אויפהייבן זיין קאָפּ, און מיליאָנען מענטשן וועלן ווידער קאָנען לעבן רואיק. איך בין מער ניט קיין קינד, פּאַ. איך זע מיין וועג. וואָס וואָלטסטו געטאָן אויף מיין אָרט?

דער פאָטער זיצט מיטן קאָפּ אין די הענט און ענטפערט ניט. דער זון האָט מער ניט וואָס צו זאָגן. האָט ער זיך אויפגעהויבן, שטיל געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און איז אַרויס פון צימער.

צו רעדן מיט דער מאַמען האָט ער קעסיידער אָפּגעלייגט. ביז צוויי טעג פאַרן פאָרן.

זי האָט אים ניט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט נאָר געוואָלט וויסן, וואָס וועט זיין מיט איר, טאָמער קומט ער אום, כאָטש ער העלפט מיט זיין לעבן דער מענטשהייט? זי האָט זיך געבעטן באַ אים, ער זאָל ניט אָוועקפאָרן. ווען זי האָט געזען, אַז זי קאָן ניט פּועלן, האָט זי גענומען וויינען. הערשל האָט זיך שיר ניט פאַרלאָרן. אָבער ער האָט זי אַרומגענומען, זי באַרואיקט דער־מיט, וואָס ער האָט איר דערמאָנט אַ ביישפּיל פון איר אייגענעם לעבן, וואָס זי האָט אים אַמאָל דערציילט, ווי זי האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ און האָט געהאָלפן געבן די פּאָגראָמ־שטשיקעס גוטע קלעפּ.

זי האָט אים אָבער ניט נאָכגעגעבן. הערשל האָט זיך מיט איר געזעגנט און זי געלאָזט אַ וויינענדיקע.

אין דרויסן האָט ער אָפּגעווישט דעם שווייס און איז גע־גאַנגען אַהיים צו זיין פרוי.

• • •

זיין יונג ווייבל האָט זיך באַ אים געבעטן:

— איך וויל דיר ניט ווײ טאָן, נאָר אויב דו פאָרסט, וועל איך זיין עמעס ברויגעז אויף דיר. זאָלן אַנדערע קעמפן מיט דער ביקס. דו וועסט קעמפן דאָ מיטן וואָרט.

— כאַוועלע — זאָגט הערשל און נעמט זי אַרום — מאַך מיר ניט שווערער. איך בעט דיך. דער טאַטע און די מאַמע האָבן מיר שוין גענוג וויטיק פאַרשאַפט. איך האָב געהאָפט, אַז דו וועסט כאָטש פאַרשטיין.

— ביסט פאַראַקשנט! — זאָגט כאַווע — מיר זיינען בלויז איין יאָר פאַרהייראַט און דו לאָזסט מיך שוין איבער.

אין צוויי טעג אַרום האָבן זיין טאַטע און זיין ווייבל אים באַגלייט. זיי האָבן זיך מיט אים געזעגנט, איידער ער איז אַרויף אויף דער שיף. ער האָט צוגעזאָגט אָפט צו שרייבן און זיי גע־בעטן זיך ניט צו זאָרגן.

• • •

נאָך פיר טעג אויף דער שיף זיינען די בעוורע פּאָטער געוואָרן פון דער יאַם־קראַנקהייט. מ'האָט לעבעדיק און פאַר־זיכטיק דיסקוטירט.

— איי, וועלן מיר געבן די שוואַרצע העמדלעך קלעפּ, אַז זיי וועלן טאַקע דערזען ברוין און שוואַרץ פאַר די אויגן! — רופט זיך אָן אַ יונגער פּראָפעסאָר פון אַ קאַלעדזש אין ניו יאָרק.

— וואָס שלעפּט זיך אַזוי די שיף? — טײַנעט אַ יונגער פאָריער — מיר האָבן פאַרלאָזט עלטערן, געליבטע, און מיר דרייען זיך אַרום אויף דער שיף ווי ליידיקגייער.

— זיי ניט אומרואיק, מיר וועלן זיין אויפן שלאַכטפעלד! — ענטפערט אים אַ געדולדיקער אייזן־אַרבעטער פון שיקאַגאָ.

— די מערהייט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק איז קעגן פראַנקאָן און פאַר דער לעגאַלער לאָיאַליסטישער רעגירונג. אַן אַנטשלאָסענער קאַמף וואָלט געקאָנט אַראָפּנעמען די עמבאַרגאָ

קעגן דעם שפּאַנישן פֿאָלק — גיט צו פֿיל, הערשלס אַ נאָענטער כאַווער. זיי האָבן ביידע געלערנט אין דער יידישער מיטלשול.

אַזוינע געשפּרעכן קומען פֿאָר אָפֿט. אָדער מע לייענט, מע שפּילט שאַך, טשעקערס, צי מע שרייבט בריוו.

ענדלעך האָט מען דערזען לאַנד. פֿראַנקרייך! אַלע לויפֿן אויפֿן דעק. זיי קוקן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָנכאַפּן דעם ברעג און וואָס שנעלער אַרויסשלעפּן די שיף פֿון יאַם. נעענטער און נעענטער רוקט זיך די שיף צום לאַנד.

• • •

אין לע־האַוור זיינען די אַמעריקאַנער געבליבן נאָר איין טאָג. זיי האָבן זיך אַ ביסל באַקענט מיט דער שטאָט און זיינען אָפּגעפֿאָרן מיט דער באַן קיין פּאַריז.

הערשל האָט זיך שוין גוט איינגעלעבט מיט זיינע כאַווערים. ער קען יעדן באַם נאָמען. און ער ווייס פֿון וואַנען זיי קומען. הערשל איז אַלעמאָל געווען אַ שטילער און ער איז איצט אויך אַזוי. ער זיצט לעבן אַ פֿענצטער, אָבער זיינע אויגן זעען ניט די לאַנדשאַפֿט, נאָר שפּאַניע. הערשל טראַכט וועגן זיינע עלטערן, זיין ווייב. ער האָט זיך שוין מער ניט געוואונדערט, וואָס פֿיל פֿון די וואָלונטירן האָבן דערציילט באַבע־מייסעס, אַז זיי פֿאָרן אויף וואַקאַציע, אָדער אויף אַרבעט.

פֿון ווייטנס זעען זיך שוין הויכע געביידעס. די באַן פּייפֿט און זאָגט אָן, אַז מ׳קומט אָן אין פּאַריז.

• • •

אַ פֿאָרשטייער פֿון די „פֿריינט פֿון דער לינקאָלן בריגאַדע" האָט זיי באַגעגנט אויף דער סטאַנציע. ער האָט זיי אָפּגעפֿירט אויף אַ פּריוואַטער וואוינונג.

— איר בלייבט אין פּאַריז נאָר איין טאָג, זאָלט איר ניט אויספּאַקן אייערע זאַכן.

הערשל מיט זיין פֿריינט האָבן דעם טאָג געזען אין פּאַריז פֿון אַלץ צו ביסלעך.

פֿון פּאַריז האָט מען די וואָלונטירן צעשיקט אין גרופּעס צו

דעם גרענעץ. פיל און הערשל זיינען אַפּגעפאָרן צוזאמען אין אַ קליין שטעטל לעבן דעם גרענעץ.

זיי האָבן אַפּגעזוכט דעם כאַוער, וועלכער האָט זיי געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס:

— ס'איז איצט ניט אַזוי לייכט צו גאַנווענען דעם גרענעץ ווי פריער. מען היט. נאָר איך קען עטלעכע סאָלדאַטן פון דער גרענעץ-וואַך. מיט זייער הילף וועט אייך געווים געלינגען צו גאַנווענען דעם גרענעץ. איר פאַרשטייט?

דערנאָך האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט עסן.

• • •

אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַט און ביידע כאַווירים זיינען אַרויף אויף דער שפּאַנישער ערד. זיי זיינען ניט געגאַנגען אַזוי שנעל, ווייל דער שניי איז געווען טיף. ס'איז זיי ניט גרינג אָנגעקומען, ביז זיי האָבן דערגרייכט אַ דערפל אויף דער שפּאַנישער זייט.

פון דערפל האָט מען הערשלען, פילן און אַנדערע וואָלונטירן אַפּגעשיקט קיין אַלבאַסעטע. אויף די וועגן האָבן זיי באַגעגנט פרויען און קינדער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון דער שטאָט.

די טראַנספּאָרטן זיינען זיך אַזוי געפאָרן. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס זשומען פון עראָפּלאַן-מאָטאָרן. מ'האָט גלייך באַפוילן זיך וואַרפן אויף דער ערד.

פּופּצן באָמבעס האָבן די עראָפּלאַנען אַרונטערגעוואָרפן און זיי זיינען אַוועק.

צווישן לייענען וועגן באָמבאַרדירונגען און זיי זען מיט די אייגענע אויגן איז אַ גרויסער אונטערשייד. די וואָלונטירן האָבן געזען, ווי פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אויפן וועג, זיינען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער.

הערשל האָט זיך אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט מיט אַלע קויכעס נאָכגעשריען די עראָפּלאַנען:

— מערדער! אייערע באָמבעס קאָנען ניט פאַרניכטן דעם האַס פון פאָלק צו אייך!

ער האָט דריי טעג נאָך דער באָמבאַרדירונג ניט געקאָנט שלאָפֿן.

• • •

הערשל און פּיל זיינען געווען אין איין באַטאַליאָן. זייער עלטסטער איז געווען אַ פֿאַשעטער אַמעריקאַנער באָכער, אַ געוועזענער פּלאָמבער, וואָס האָט זיך גוט געשלאָגן אויפֿן פראָנט. נאָר זיינע אויגן זיינען אַ ביסל שוואַך גֶעוואָרן, האָט מען אים באַשטימט צו לערנען די נייע וואָלונטירן.

מ׳האָט דערלויבט הערשלען מיט פּילן אָנצוקוקן די שטאָט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ צעשאָסענער געביידע.

— מיר גייט דורך אַ קעלט, ווען איך טראַכט, וואָס ס׳איז געשען מיט די, וואָס זיינען געווען אין דער געביידע — רופֿט זיך אָפּ הערשל.

זיי זיינען געווען מיד פֿון די שווערע איינדרוקן און האָבן זיך ביידע געלייגט פֿרי שלאָפֿן.

אין דער פֿרי האָט מען זיי אָנגעהויבן לערנען מיליטערישע איבונגען. אין אָוונט האָט הערשל געלערנט די וואָלונטירן פּאָליטישע עקאָנאָמיע. די וואָלונטירן האָבן געקראָגן פֿאַר אים אַ סאַך דרעכערעץ.

• • •

מען גייט צום פראָנט.

נאָך עטלעכע שאָ פֿאָרן לאָזט מען די סאָלדאַטן אַרויס און מען גייט צו פֿוס.

די וואָלונטירן האָבן פֿאַרנומען פּאָזיציעס.

— מיר זיינען שוין דאָ פֿיר שאָ — לאָזט הערשלען וויסן פּיל — און ס׳פּאַסירט גאָרניט.

מיט אַ מאָל דאַכט זיך, אַז די ערד שפּאַלט זיך. באָמבעס פֿליען איבער די קעפּ פֿון די סאָלדאַטן און צערייסן די ערד הינטער זיי. אַן עראָפּלאַן-שלאַכט גייט אָן אין דער לופֿט. מען מוז זיך צוריקציען. די באַטווין-בריגאַדע האַלט אָפּ דעם סוינע, ביז מען וועט זיך צוריקציען אָן איבעריקע קאָרבאָנעס. די נייאָנגעקומענע וואָלונטירן טרעטן אָפּ און נעמען מיט די פֿאַר-

וואונדעטע. די באַטווינצעס פאַרוואַרפן די טאַנקען פון דעם סוינע מיט האַנט־גראַנאַטן.

בעשאַסן צוריקציען זיך האָט הערשלען געטראָפן אַ קויל אין האַנט. מ׳האָט אים גלייך אַוועקגעפירט און געגעבן מעדיצינישע הילף.

בעשאַס ער איז געלעגן אין שפּיטאָל איז אָנגעקומען אַ פאַר־אָרדענונג פון דער אַרמיי, אַז אַזוי שנעל ווי הערשל ווערט געזונט, זאָל מען אים אָפּשיקן אין דער אָפיצערן־שול.

• • •

די אָפיצערן־שול האָט זיך געפונען אין דער שטאָט ג. הערשל האָט זיך איינגעלעבט מיט די אַנדערע קאַדעטן, וואָס האָבן דאָ געלערנט די מיליטערישע וויסנשאַפט.

ס׳איז אַוועק אַ שטיק צייט און מ׳האָט פון הערשלען מער ניט געהערט. מ׳האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז די אָפיצערן־שול איז אויפגעריסן געוואָרן אין אַ לופט־אַטאַקע. און מע ווייסט ניט וואו הערשל איז אַהינגעקומען.

• • •

פיל האָט איבערגעלעבט דעם קאַמף. ער האָט זיך געטראָפן אין ניו יאָרק מיט הערשלס פרוי. זיי זיינען ביידע געגאַנגען הינטער דער שטאָט, צווישן פעלדער, און מיט אויפגעדעקטע קעפּ געזונגען:

„שטילער, כּאַוויירים, די היטלען אַראָפּ:
אַ יונגער אַרמייער געלייגט האָט זיין קאָפּ.
געגאַנגען אַ שטאָלצער מיט ביקס אין דער האַנט,
געגאַנגען זיך שלאָגן פאַר שפּאַנישן לאַנד."

די וועלט האָט אין שפּאַניע פאַרלאָרן אַ סאַך יונגע טייערע מענטשן, אַ סאַך הערשלס. זייער לעבן און טויט וועט צוגעבן אַ סאַך מוט און קויעך פאַרצוזעצן דעם קאַמף פאַר פראָגרעס, ליבשאַפט און מענטשלעכקייט.



# רופט מיך ניט: העלד!

● פּאָלין שאַגאַל

עס ווערט שוין טונקל אין גאַס. קאַפּי זיצט אויפן בעט, די הענט אויף די קני, און טראַכט. די בלויע ליכט פונעם טעאַטער שפּילט זיך איבער זיין פאַרטראַכטן פּאָנעם.

יעדן אָוונט, ווען ער קומט אַהיים נאָך זיין וואַנדערן איבער די גאַסן, זיצט ער אַזוי. ס'איז אים פרעמד איצט ניו־יאָרק און ער פילט זיך אומבאַקוועם. ער האַלט אין איין פאַרגלייכן דאָס לעבן דאָ מיט . . . שפּאַניע.

קאַפּי איז ניט קיין העלד. אַזוי גלויבט ער. ער האָט קיין העלדישקייטן ניט אויפגעטאָן. אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע אין

מיטן דער אַרבעט—געהאַלטן אין אָרגאַניזירן די טראָק־דרייווערס יוניאָן. אַפילו קיין סאָלדאַט ניט געווען. ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט געראַטעוועט, קיינעם ניט דערשאָסן, קיין איין מאָל ניט אויסגעפונען קיין שפּיאָנען, קיינמאָל אַפילו ניט פאַר־וואונדעט געוואָרן. איין מאָל געלעגן אין שפּיטאָל אויף רעוומאַטיזם — אַזאַ אומראָמאַנטישע קראַנקהייט!

ווען איך פרעגט אים וועגן שפּאַניע, וועט ער אייך דערציילן אַ סאַך זאַכן, אָבער ניט וועגן זיך. וואָס האָט ער צו רעדן וועגן זיך? ער האָט געטריבן דעם טראָק צום פראָנט און פון פראָנט. געפירט שפּייז, אַמוניציע און סאָלדאַטן... וואָס איז דאָ די העלדישקייט? די זעלבע זאַך געטאָן אין ניו־יאָרק.

קאָפּי איז איינער פון די שטילע העלדן. איר וועט אים באַגעגענען אין גאַס און אַפילו זיך ניט אומקוקן אויף אים. אַ שטילער, באַשיידענער מענטש.

דאָס בלויע ליכט פונעם טעאַטער שפּיגלט זיך איבער זיין פּאָנעם, שפּילט זיך מיט זיינע געדאַנקען און ברענגט אים צוריק, וויט־וויט צוריק אין זיינע קינדער־יאָרן...

• • •

גלייך נאָך סקול לויפט ער אַריין אין הויז:

— האַלאָ, מאַ! האַלאָ, סילווי! וואו איז מאַרטי?

אַוועקגעוואָרפן די ביכער אויפן טיש, אַריינגעשטעקט אַ שטיק ברויט אין מויל, און ער לויפט שוין ווידער אין גאַס.

— קאָפּעלע, מיין זון! — רופט אים די מאַמע.

— אָ, מאַ, „ליוו מי אַלאָון", כ'וויל גיין שפּילן זיך מיט דער בעוורע.

— קום אַהער! — באַשטייט די מאַמע.

נעמט שוין קאָפּל אַראָפּ זיין היטל און גייט צו.

— קאָפּל — הויבט די מאַמע אָן און נעמט זיין האַנט אין אירער — דו ביסט שוין צען יאָר אַלט, ס'איז שוין צייט, דו זאָלסט זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן יידיש. מיר זיינען דאָך יידן, און ס'איז אַ שאַנדע פאַר אונדז ניט צו קענען אונדזער אייגענע שפּראַך. דו דאַרפסט גיין לערנען זיך אין אַ יידישער שול.

קאַפּי קאָן קיינמאָל ניט פאַרגעסן אירע גרויסע, בלויע, שמייכלענדיקע אויגן, וואָס האָבן טיף אַריינגעקוקט אין זיינע. ער האָט צוגעשטימט, און האָט אָנגעהויבן גיין אין דער יידישער שול, וואָס איז געווען אין זייער געגנט.

נאָר לאַנג אין שול איז ער ניט געגאַנגען, ווייל ער איז געווען מער פאַראינטערעסירט אַרומצולויפן און שפּילן זיך מיט זיינע כאַוויירים. ער פלעגט אויפהערן און ווידער אָנהויבן גיין אין שול, ביז ער האָט זיך צוגעוואוינט און האָט זי ליב געקראָגן. ער איז דורכגעגאַנגען די עלעמענטאַרע שול און פאַרענדיקט די מיטלשול אין 1929.

אין סקול אָבער איז ער ניט געווען אַזוי מאַזלדיק. זיין פאָטער איז געוואָרן קראַנק, ווען ער איז געווען אין צווייטן יאָר היי־סקול און . . .

קאַפּי זעט פאַר זיך די ווייסע ווענט פון אַ שפּיטאָל. אַ פערצן־יאָריק יינגל שטייט לעבן אַ ווייס בעט און דרייט זיין היטל אין האַנט. אין בעט ליגט דער פאָטער, בלאַס, אויסגעצערט. ער איז זייער קראַנק.

— קאַפּי — רופט ער מיט אַ ווייכער, שוואַכער שטימע — דו ביסט דער עלטסטער, וועסט מוזן איבערנעמען מיין פּלאַץ און ווערן דער ברויטגעבער. הערסט, מיין זון? — קאַפּל קאָן נאָר שאָקלען מיט זיין קאָפּ אויף „יאָ", ווייל זיינע אויגן ברענען פון צוריקגעהאַלטענע טרערן, און ער האָט מוירע צו רעדן, ער זאָל ניט אָנהויבן וויינען.

— וועסט מוזן פאַרלאָזן די סקול און אָנהויבן אַרבעטן. עפּשער וועסטו זיך קענען לערנען אין אָוונט. מאַרטי און סילווי זיינען יינגער, זיי וועלן נאָך דאַרפן גיין אין סקול. געדענקסט די גוטע צייטן, זונעניו?

דער זון קאָן נאָר שאָקלען מיטן קאָפּ און בייסן די ליפּן. דער פאָטער הוסט, און ס'רייסט דאָס האַרץ צו זען, ווי ער ליגט אַזוי הילפלאָז.

קאַפּי שלינגט אַרונטער דאָס שטיק, וואָס ס'ע ליגט אים אין האַלדז, און זאָגט שטאָלץ און אָנגעשטרענגט:

— כ'וועל מאָרגן אַרויסגיין זוכן אַרבעט. ס'וועט ניט זיין שווער. די מאַמע און איך וועלן שוין קענען אויסהאַלטן די פאַמיליע. און דו, ווער דערווייל געזונט און זאָרג זיך ניט.

ער קוקט אויף זיין בלויען היטל, וואָס ער דרייט אין די הענט... עס פאַרשווינדט, און ער זעט ווידער אַמאָל דאָס בלויע ליכט פונעם טעאַטער...

עס ווערט אים ביטער, ווען ער טראַכט וועגן זיין יוגנט, וועלכע ער האָט געפּאַטערט, שלעפנדיק טאָג־איין טאָג־אויס שווערע פּעק, און באַנאַכט — אין סקול, שפּעטער — אין קאַלעדזש.

זיין קינדהייט איז געווען אַ קורצע. אַרבעטנדיק און אויסהאַלטנדיק די פאַמיליע, איז ער אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ מאַן.

זיין שוועסטער, סילוויע, האָט מען טאַקע געשיקט אין קאַלעדזש, און זי האָט עס בעעמעם פאַרדינט, ווייל זי האָט זיך גוט געלערנט. זיין ברודער, מאַרטי, האָט געענדיקט די היי־סקול און איז אַוועק אין אַ „טרייד־סקול".

דערווייל איז זיין פאָטער בעסער געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו־ביסלעך אַרבעטן. דאַן איז קאַפּי אַוועקגעפאָרן אין אוניווערזיטעט אין וויסקאָנסין, וואו ער איז געווען ביזן אָנהויב פונעם גרויסן קריזיס, וועלכער האָט אים געצוואונגען אַוועקצוּוואַרפן דאָס לערנען. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַליפאָרניע, און אַרבעטנדיק אין דער „אימפּעריאַל וואַלי" האָט ער געהאָלפן אָרגאַניזירן די יוניאָן פון די אַגריקולטורעלע אַרבעטער.

• • •

דאָרטן, אין קאַליפאָרניע, איז פאַרשריבן געוואָרן אַ נייַ בלעטל פון זיין לעבן.

זיין פריינט, סאַל, אַ מיטהעלפער אין דעם קאַמף, האָט אים איינמאָל איינגעלאַדן צו אַ פּיקניק מיט זיין פאַמיליע. קאַפּין איז נימעס געוואָרן צו פאַרברענגען די שאַבאָסים מיט זיך אַליין, און ער האָט מיט פרייד אָנגענומען די איינלאַדונג...

דאָס בלויע ליכט צעשפּרייט זיך איבער זיין צימער און די ווענט פאַרשווינדן. קאַפּי איז אויף אַ גרויס גרין פעלד, באַדעקט מיט באַשיידענע דייזים און פאַרשעמטע וויאָלעטן. דער

הימל איז לאַכנדיק בלוי, און די וואָלקנס שפּילן זיך מיטן גאָל־דענעם לאַמטערן פונעם הימל. קאַפּי זיצט אויפן גראָז און קוקט אויף דער קליינער דאַרער מיידל, סאַלם שוועסטער. אירע האָר האָבן דעם קאָליר פון רייפן קאָרן...

קאַפּי שמייכלט און זאָגט:

— וואָלט איך געוואוסט, אַז סאַל האָט אַזאַ שיינע שוועס־טער, וואָלט איך אים שוין אָפטער באַזוכט.

— וואָלסט מיך ניט געפונען — צעלאַכט זי זיך — איך בין אַ נוירס, און איך אַרבעט לאַנגע און שווערע שטונדן.

— סע פּאַסט זיך גאָר ניט פאַר אַזאַ שיינער מיידל צו אַר־בעטן — וויצלט ער זיך — בעסער קריג זיך אַ מאַן און דערצי קינדער. — זיין שטימע איז האַלב שפּאַסנדיק, האַלב ערנסט.

— זע נאָר — האָט זי געלאַכט — דו זעסט מיך ערשט אַ האַלבע שטונדע, און ווילסט מיך שוין איינרעדן כאַסענע צו האָבן. ניין, איך האָב שוין לאַנג באַשלאָסן אָפּצוגעבן מיין לעבן פאַר קראַנקע און שוואַכע. — זי איז געוואָרן ערנסט.

קאַפּי שפּילט זיך מיט די בלומען און זאָגט:

— די בלומען דערמאָנען מיך אָן דיר — ווילד און זים. דאָס גאָלד האָבן זיי גענומען פון דיינע האָר, און דאָס בלוי — פון דיינע אויגן.

שוירלי האָט אַוועקגעוואָרפן די בלומען:

— זיי זיינען שוין צעטריקנט און פאַרוועלקט. רעד ניט קיין נאַרישקייטן. — זי האָט זיך אויפגעהויבן. — זע נאָר, סאַלן קאָן מען שוין ניט זען. לאָמיר גיין.

קאַפּי הויבט זיך פּאַמעלעך אויף, נעמט איר האַנט, און זיי גייען...

ער דערזעט ווידער די ווענט פון זיין צימער און זיפצט. ער וועט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. און עפּשער... נאָר וואָס טראַכטן וועגן „עפּשער". ער דערמאָנט זיך ווידער אָן קאַליפאָרניע. זיינע לעצטע טעג דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט אין טורמע. מען האָט אים אַרעסטירט פאַר יוניאָן־אַקטיוויטעטן.

פון קאַליפאָרניע איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק און איז איין

זומער געווען אַ קאָנסעלאָר אין קעמפּ „קינדערלאַנד". דאָס איז געווען איינער פון זיינע בעסטע זומערס, כאָטש די קינדער זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן.

• • •

די מילכאָמע אין שפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן, ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן אָרגאַניזירן די טראָק-דרייווערס אין ניו־יאָרק. די נייעס פון שפּאַניע האָבן אַ שאַרפן קער געטאָן זיין לעבן. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן און אָנשליסן זיך אָן די וואָלונ־טירן. אָבער ס'איז ניט געווען אַזוי לייכט. ס'איז שווער געווען איבערצולאָזן די אַרבעט אין מיטן. אָבער אין מערץ, ווען די לאַגע אין שפּאַניע איז געוואָרן זייער קריטיש, האָט ער זיך באַפרייט פון זיין אַרבעט, געקראָגן אַ פּאַספּאָרט און איז אַוועק־געפאָרן.

קאָפּי זעט זיך אויף דער שיף. ער קוקט אויף די אָפּגייענ־דיקע ברעגן פון אַמעריקע. עמעצער רירט אים אָן אָן דער פּלייצע:

— קאָנסט מיר לייען אַ סיגאַרעט? — אַ באַקאַנטע שטימע.

ער קערט זיך אום:

— סאָל! וואָס טוסטו דאָ! — און ער פאַרוואַרפט סאָלן מיט פראַגן: — וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט די פאַמיליע? ס'איז גוט דיך צו זען דאָ!

— האַלט זיך איין, קאָפּ, ווער ניט אַזוי באַגייסטערט. כ'קען באַ דיר פרעגן די זעלבע פראַגן. טאָ גיב מיר אַ פּאַפּיראָס און לאָמיר זיך צוזעצן.

זיי זעצן זיך צו. סאָל פאַררויכערט און הויבט אָן צו דער־ציילן:

— האָסט מיך איבערגעלאָזן מיט דער גאַנצער אַרבעט און ביסט אַוועק, האָ! האָב איך אַליין פאַרגעזעצט. שווערע אַרבעט. מען האָט מיך צוויי-דריי מאָל אַרעסטירט. כ'האָב געהערט וועגן שפּאַניע, און אַזוי שנעל ווי מען האָט מיך אַרויסגעלאָזט, האָב איך גענומען זוכן מיטלען ווי אַזוי צו פאָרן. און וואָס איז וועגן דיר?

קאַפּי שמייכלט און דערציילט וועגן זיך. סאַל פרעגט זיך נאָך אויף זיין פאַמיליע, ווי אַזוי זיי האָבן אים אַרויסגעלאָזן?

— מיין פאַטער — דערציילט קאַפּי — איז שוואַך, און די נייעס וואָלט אויף אים שלעכט געווירקט. האָב איך זיי געזאָגט, אַז כ'בין געפאָרן אויף אַ שטעלע אין שיקאַגאָ. זיי וועלן ניט אויסגעפינען, ביז איך וועל אַהין אָנקומען. נאָר גענוג וועגן מיר. וואָס מאַכט שוירלי?

— זי איז אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע, אין אָקטאָבער.

— שוירלי—קיין שפּאַניע? ווי אַזוי האָסטו איר דערלויבט? אַזאַ יונג מיידל!

— ביסט אַ נאַר, קאַפּי — הויבט זיך סאַל אויף — אויב דו גלויבסט, אַז מיר האָבן זי געלאָזן. זי איז אַנטלאָפן פון הויז אין מיטן נאַכט, און ערשט די לעצטע וואָך האָבן מיר אויסגעפונען, וואו זי איז. ס'איז פון איר אָנגעקומען אַ בריוו. זי איז גאַנץ און געזונט.

זייער פריינטשאַפט האָט זיך געשטאַרקט אין די פינף טעג אויף דער שיף. זיי האָבן פאַרבראַכט די גאַנצע צייט צוזאַמען.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין פראַנקרייך, האָט זיי באַגעגנט די פריידיקע נייעס וועגן דעם גרויסן זיג בײַ גוואַדאַלאַכאַראַ. זיי האָבן אָפּגעמאַכט צו גיין צום פראָנט צוזאַמען.

• • •

מיט די דרייסיק אַמעריקאַנער יונגען זיינען געווען: אַ בעלגיער, אַ דייטש און פיר פּאַלעסטינער. איינער פון די פּאַלעסטינער, אַווראַם, פלעגט זיי אַלעמען אַמוזירן: אַרומגעגאַנגען מיט אַ זויערן פּאָנעם און יעדן ניי־אָנגעקומענעם דערציילט, ווי אַזוי ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, ווי אַזוי מען האָט אים אַרעסטירט און אַרויסגעלאָזן פון טורמע, מיט דער באַדינגונג, אַז ער זאָל „פאָרן קיין שפּאַניע". „די מעשוגאַאים", פלעגט ער זאָגן, שאָקלענדיק מיט זיין פויסט יעדן איינעם אין פּאָנעם אַריין: „זיי ווילן מיך ניט לאָזן בלייבן אין טורמע אָפּזיצן מיין שטראָף, שיקן זיי מיך קיין שפּאַניע!"

און טאָמער האָט עמעצער געפרעגט, צי ער וויל טאַקע ניט פאָרן קיין שפּאַניע, פלעגט ער ווערן אַן אַנגעצונדענער:

— וואָס מיינסטו, איך וויל ניט פאָרן! מיינסט איך בין אַ היטלער? איך וועל יעדן פאַשיסט צערייסן אויף פּיין־פּיצלעך מיט מיינע אייגענע הענט! אָבער קיין פּאַלעסטינע וועל איך סיי ווי צוריקקומען, אַזוי שנעל ווי די לאָיאַליסטן וועלן זיגן, און איך וועל ווייטער פירן מיין אַרבעט! וואָס איז אַ יאָר אָדער צוויי אין קלאַסן־קאַמף?

פון פּאַריז האָט מען די גרופּע אָפּגעשיקט אין טולוז, און פון דאָרטן זיינען זיי אויף אַ „באָס" געפאָרן צו אַ קליין שטעטל, לעבן דער שפּאַנישער גרענעץ.

• • •

ס'איז געווען אַ פינצטערע נאַכט. אַכט שאָ נאָכאַנאַנד האָט מען געדאַרפט קריכן איבערן טיפן שניי. מען האָט זיך געהאַלטן פאַר די הענט, קעדיי ניט פאַרלאָרן צו גיין אין דער פינצטער.

אַווראָם איז שיר ניט אומגעקומען. ער האָט זיך געהאַלטן מיט איין האַנט פאַרן כאַווערס האַנט און מיט דער אַנדערער — פאַרן שמוגלער. אין דעם שמוגלער האָט ער געפונען אַ נייעם צוהערער פון זיינע מייסעס (ער האָט ניט געוואוסט, אַז יענער פאַרשטייט ניט זיין שפּראַך), אָבער אַן הענט האָט ער דאָך ניט געקאָנט רעדן, האָט ער אָפּגעלאָזט דעם כאַווערס האַנט. ניט קוקנדיק, וואוהין ער גייט, איז ער אַריין אין אַ גרוב. דער שמוגלער האָט זיך אומגעקערט און האָט אים אָנגעכאַפּט, ווען יענער איז שוין געווען מיט איין פוס אין דער לופטן, און האָט אים קוים מיט צאָרעס אַרויסגעשלעפּט. .

נאָך עטלעכע שטונדן קלעטערן, האָט סאָל געכאַלעשט, וויל ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די שיטערע לופט פון די הויכע בערג. קאָפּי האָט אים געטראָגן פיר שטונדן, אַליין ביז די קני אין שניי.

ווען זיי האָבן באַגעגנט די ערשטע שפּאַנישע וואַך, אויף

דעם גרענעץ, האָבן זיי זיך אַזוי דערפרייט, אַז זיי האָבן זיך מיט זיי צעקושט. די וועכטער האָבן געהאַט אַ ביסל ווײַן און ברויט, און מען האָט אָפּגעמינטערט סאָלן. אָבער מען האָט אים געמוזט איבערלאָזן אינעם ערשטן שטעטל. קאַפּין האָט עס זייער פאַרדראָסן, אָבער זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אַז זיי וועלן זוכן צו טרעפן זיך שפּעטער. דערפאַר איז אַוראָם געווען אויפן זיבעטן הימל: אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן, און קיינער קען נאָך ניט זיינע מייסעס. ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס זיי פאַרשטייען נאָר שפּאַניש — הענט קאָנען אויך רעדן.

• • •

ריימאָן, דער פּרעזידענט פון דער קאַטאַלאַנישער סטודענטן־באַוועגונג, האָט זיי אויפגענומען און אַוועקגעפירט קיין לערידאַ, און פון דאָרט — קיין באַרצעלאָנאַ.

קאַפּי צעשמייכלט זיך: ער זעט זיך אין באַן, אויפן וועג קיין באַרצעלאָנאַ. זיי זיינען אַלע צוזאַמענגעשטופּט אין איין וואַגאָן. ער זיצט צווישן פינף־זעקס וואָלונטירן. פון ווייטנס הערט מען, ווי אַוראָם זיפצט. אַן אומגליק — ער איז צווישן באַקאַנטע. אַלע האָבן שוין געהערט זיינע מייסעס. ריימאָן רעדט מיט זיי פראַנצויזיש:

— מיר קומען שוין באַלד אָן קיין באַרצעלאָנאַ.

קאַפּי פאַרשטייט אַ ביסל פראַנצויזיש פון סקול, פרעגט ער ריימאָנען:

— וואו האָסטו זיך אויסגעלערנט דיין פראַנצויזיש?

— איך האָב זיך געלערנט אין אַן אוניווערזיטעט אין פראַנקרייך.

— וואָס האָסטו זיך געלערנט?

— איך האָב גענענדיקט אויף דאָקטאָר. אָבער מיין לאַנד דאַרף איצט מער פירער, ווי דאָקטוירים... — זיין שטימע קלינגט אַזוי מוזיקאַליש און שיין.

זיי זיינען אָנגעקומען קיין באַרצעלאָנאַ. אַ וואונדערבאַר־שיינע שטאָט, מיט ברייטע גאַסן, שיינע געביידעס, בלויע נעאָן־שילדן. די שטאָט, וועלכע ליגט איצט אין כורוועס, פון פאַשיס־

טישע באַמבעס, איז נאָך דאַן געווען גאַנץ ווייט פונעם קריג גופע. דאָס לעבן איז נאָך אַנגעגאַנגען נאָרמאַל. די טעאַטערס און קאָנצערט־זאַלן זיינען געווען אָפן.

פון באַרצעלאָנאַ האָט זיי רייזמאַן אַוועקגעפירט קיין אַלבאַ־סעטע, וואו זיי זיינען שוין איבערגענומען געוואָרן פונעם אינ־טערנאַציאָנאַלן באַטאַליאָן. מען האָט זיי דאָ געגעבן סאָלדאַטישע אוניפאָרמען און אַוועקגעשיקט אין אַ קליין שטעטל — מאַדרי־גאַראַס. דאָס שטעטל איז אָפּגענומען געוואָרן פון די פאַשיסטן. די וואָלונטירן האָבן געדאַרפט שטיין אין אַ הויז, וואו פאַשיסטן האָבן געהאַט זייער הויפּט־קוואַרטיר. פאַרן אָפּטרעטן האָבן די פאַשיסטן פאַרסאַמט אַלע ברונעמער, אַזוי אַז ס'איז ניט געווען קיין טרינק־וואַסער. בלויז איין ברונעם — לעבן דער קירך, איז געבליבן ריין, אָבער דער גאַלעך איז געזעסן אין קירך מיט אַ מאַשין־ביקס און האָט קיינעם ניט צוגעלאָזן צום ברונעם. האָבן די כעוורע באַשטימט, אַז מען וועט פון גאַס פאַרפירן מיטן גאַלעך אַ געשפרעך, און דערווייל וועט עמעצער צוגאַנוועגן זיך פון הינטן און באַ אים צונעמען די מאַשין־ביקס. אַזוי ווי יעדער איינער האָט געוואָלט עס טאָן, האָט קאַפּי פאָרגעשלאָגן, מען זאָל ציען קניפּלעך. דער גוירל איז געפאַלן אויף אַווראַמען. ער איז געווען זייער שטאָלץ מיט זיין געווינס און האָט גענומען אויסאַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל עס טאָן.

אַלץ איז געגאַנגען לויט דעם פּלאַן, אָבער אין לעצטן מאָמענט האָט דער גאַלעך דערהערט, ווי אַווראַם גאַנוועט זיך צו אים. ער האָט זיך אומגעקערט, און ס'וואָלט שוין געווען אַ סאָף פון אַווראַמען, ווען איינער פון די כאַווערים וואַרפט ניט פון גאַס אַ שטיק האָלץ, גלייך אין גאַלעך. יענער איז געפאַלן, און אַווראַם האָט באַ אים אַרויסגעכאַפּט די מאַשין־ביקס.

די ערשטע נאַכט האָבן די וואָלונטירן אָנגעשטאָפּט זעק מיט שטרוי פאַר מאַטראַצן. קיין דיסציפּלין און אָרדענונג איז נאָך ניט געווען. די גרופּע איז שוין געווען זייער אַ גרויסע. עס זיינען אָנגעקומען טשעכן, פראַנצויזן, ענגלישע און נאָך אַמערי־קאַנער. דער אָנפירער האָט גערעדט נאָר פראַנצויזיש, פאַר

יעדער גרופּע האָט מען געדאַרפט האָבן איבערזעצער. ספּעציעל שווער איז עס געווען בײַ די מיליטערישע איבונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אויפֿן צווייטן טאָג נאָך זייער אָנקומען.

צוויי וואָכן האָט זיך קאַפּי געלערנט צו זײַן אַ סאָלדאַט. אָבער, ווען ס'איז געקומען דער רוף פֿאַר שאָפֿערס, האָט ער וואָלונטירט. שאָפֿערס זײַנען פּונקט אַזוי נייטיק, ווי סאָלדאַטן. ער האָט גענומען דעם עקזאַמען און איז געוואָרן אַ טייל פֿון דער טראַנספּאָרטאַציע־גרופּע. מען האָט אים צוריקגעשיקט קיין אַלבאַסעטע. עס האָט זיך אַפֿילו ניט געוואָלט שיידן מיט דער גרופּע. מען איז געווען טרויעריק, גליקלעך, פֿריילעך און אומעטיק.

— „אַדיאָס!“ — האָט קאַפּי אַרויסגעשריען פֿון זײַן טראָק.

— „אַדיאָס!“ — האָבן אַלע נאָכגעשריען.

• • •

קאַפּי האָט שווער געאַרבעט. ער איז שוין געווען אַ דער־פֿאַרענער טראָק־טרייבער. געפֿירט סאָלדאַטן, אַמוניציע, שפּײַז, אַהין און צוריק, איבער גאַנץ שפּאַניע. ער האָט זיך שוין אָנ־געזען גענוג פֿאַרוויסטונג, גענוג אומגליק. געזען טויזנטער פֿאַרוואונדעטע, טויטע, געזען דעם הונגער פֿון דער באַפֿעלקערונג. ניט איינמאָל איז ער שיִער ניט דערהאַרגעט געוואָרן, ווען פֿאַשיס־טישע עראָפּלאַנען האָבן באַשאָסן זײַן טראָק.

מען האָט אים געצוואונגען צו גיין ליגן זיך אין שפּיטאָל, ווען ער האָט שוין געהאַט היץ. ער האָט געאַרבעט דאַן עטלעכע טעג און נעכט נאָכאַנאַנד — געדאַרפֿט צוריקברענגען סאָלדאַטן פֿון טערועל. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע נידערלאַגע. זײַן רעוו־מאַטיזם האָט זיך צעשפּילט און ער האָט געקראָגן היץ.

קאַפּי איז אין טראָק, אויפֿן וועג אין שפּיטאָל. לעבן אים ליגן עטלעכע פֿאַרוואונדעטע און קרעכצן. דער טראָק איז אָן אָפֿענער, און קאַפּי קוקט אין העלן הימל. מען ברענגט אים אַריין אין שפּיטאָל, מ'טוט אים אָן ריינע קליידער. מען לייגט אים אַריין אין אַ צימער, וואו ניט אַלע בעטן זײַנען פֿאַרנומען — מען דער־וואַרט נאָך שווער פֿאַרוואונדעטע פֿון טערועל. „דער דאָקטער

וועט באַלד קומען דיך אונטערזוכן", זאָגט מען אים, און ער בלייבט איבער אַליין.

אַזוי ליגט ער, שטיל, רואיק, ביז עס עפנט זיך די טיר, און עס קומט אַריין . . . שוירלי. קאַפּי דערזעט זי און הויבט זיך אויף פון בעט.

— שוירלי! — זאָגט ער, און ער גלויבט ניט זיינע אויגן — ווי קומסטו אַהער?

— איך וואָלט באַ דיר געקענט פרעגן די זעלבע פראַגע, אָבער איצט איז ניט קיין צייט פאַר פראַגעס. דו ביסט קראַנק, און איך דאַרף דיך געזונט מאַכן. — זי האָט גענומען אַרבעטן אַרום אים, און ס'איז אים געוועזן אַזוי אַנגענעם צו פילן אירע הענט. ליגנדיק אַזוי, פאַרגעסט ער וועגן מילכאָמע און אירע טראַגעדיעס. ער וואָלט געקאָנט אַזוי אייביק ליגן. אָבער ס'קומט אָן אַ נייער אַמבולאַנס און מען טראָגט אַריין פאַרוואונדעטע און מען לייגט זיי אויף די בעטן. שוירלי גייט אַרוים און קומט צוריק אַריין מיט וואַסער און האַנטעכער. זי גייט צו צו אַ בעט און פאַנגט אָן צו ווישן דאָס פּאָנעם פון אַ פאַרוואונדעטן. מיט אַ מאָל ווערט זי בלאַס און האַלט זיך קוים איין פון פאַלן. אָבער זי גלייכט זיך אוים און גייט ווייטער אָן מיט איר אַרבעט. קאַפּי קוקט אויף איר און פרעגט:

— וואָס איז, שוירלי? איז עס עמעצער, וועמען דו קענסט?

— ס'איז סאַל, מיין ברודער!

ס'ווערט קאַפּין ניט גוט. עס דרייט זיך אים עפּעס איבער אין מאָגן. מיטאַמאָל דערהערט ער אַ באַקאַנטע שטימע: „די פּאָליציי, מעשוגענע פּאָליציי!"

— אַוראָם! — קאַפּי ווערט קימאַט היסטעריש פון פרייד און איבעראַשונג. זיין גוטער, שפּאַסיקער פריינט אַוראָם, און זיין בעסטער פריינט סאַל. זיי האָבן דאָך באַשלאָסן, אַז זיי וועלן זיך ווידער אַמאָל באַגעגענען, אָבער ווער האָט עס געטראַכט, אַז עס וועט זיין אַזאַ באַגעגעניש?...

ער דערוויסט זיך, אַז אַוראָם, אָט דער קליינטשיקער, פּעטינקער אַוראָם, איז געגאַנגען דורך פייער און וואַסער און

גערעַטעוועט סאַלן. שוירלי האָט זיך אויך דערוואוסט וועגן דעם, און האָט איבער אים געאַרבעט מיט געשוואָלענע אויגן. איר ברודער האָט ער געראַטעוועט, און זי קאָן אים גאָרניט העלפן.

• • •

קאָפּי גייט שוין אַ ביסל אַרום. ס'איז אים בעסער. סאַל פילט זיך שוין אויך בעסער, און קאָן שוין זיצן אין בעט, אָבער מיט יעדן ביסל געזונט, וואָס ער האָט צוגענומען, איז אָפּגעגאַנגען נאָך אַ שטונדע פון אווראָמס לעבן.

קאָפּי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם וואַרעמען טאָג, ווען ער איז געזעסן לעבן סאַלן און האָט געגעסן. סאַל האָט אַ קוק געטאָן אין זיין טעלער און האָט פאַרוואונדערט אויס-געשריען:

— זע נאַר, דער וועגעטאַריאַנער עסט שוין פלייש!

— כ'האָב געמוזט, ווען עס איז ניט געווען עפּעס אַנדערש — האָט זיך קאָפּי פאַרענטפערט.

— אָבער דו גלויבסט דאָך ניט אין דערהאַרגענען כייעס, ווי אַזוי קענסטו זיי עסן? — פרעגט סאַל.

· שוירלי האָט זיך געפּאַרעט לעבן זיי:

— אויב דו גלויבסט ניט אין דערהאַרגענען כייעס, פאַרוואָס ביסטו געקומען אַהער דערהאַרגענען פאַשיסטן?

— פאַשיסטן זיינען ניט קיין כייעס, באַליידיק ניט די כייעס

— שמייכלט קאָפּי.

עס האָט זיך דערהערט אווראָמס קרעכצן.

— ער איז ווידער געקומען צו זיך — זאָגט שוירלי און לויפט צו אים צו. קאָפּי לויפט נאָך איר.

— סאַל, קאָפּי! — רופט אווראָם. מען רוקט צו סאַלס בעטל צו זיינעם.

— ס'זעט אויס, אַז איך קאָן ניט שטאַרבן, וויסנדיק, אַז ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל פאַרנעמען מיין פּלאַץ — מאַכט אווראָם און טרערן קייקלען זיך איבער זיין פּאָנעם. איידער קאָפּי עפנט זיין מויל, זאָגט שוין סאַל וויינענדיקערהייט:

— זאָרג זיך ניט, כאַווער, מיר וועלן קעמפן פאַר דיר אויך.

— דאַן וועל איך קאָנען שלאָפן רואיקערהייט. ביסט אַ גוטער כּאַווער, סאַל. ערשטנס, באַזיג די פאַשיסטן דאָ. וואָס איז אַ יאָר־צוויי אין קלאַסן־קאַמף? — און ער פאַרמאַכט די אויגן. איצט וויינען שוין אַלע. קאָפּי האָט דורך די טרערן ניט געקאָנט זען, ווי אַזוי אַוועקצושטופן סאַלס בעטל אויף דעם געוויינלעכן פּלאַץ.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען דעם טאָג, איז מיט איר אַוועק אַ לעבן. ער איז געשטאָרבן מורמלענדיק: „די מעשוגענע פּאָליציי . . . זיי מיינען, אַז אין אַ יאָר, צוויי אַרום וועל איך ניט צוריקקומען . . .״

קאָפּי איז געשטאַנען לעבן זיין בעט מיט אַ געביילטן פויסט. סאַל איז געלעגן אויף זיין בעט און האָט געשוואוירן: „ער וועט צוריקקומען. אויב ניט זיין קערפּער, איז זיין גייסט. איך וועל פאָרן קיין פּאַלעסטינע, טאָן זיין אַרבעט!״

• • •

אין שפּיטאָל איז קאָפּי געווען דריי מאָנאַטן — די רואיקסטע מאָנאַטן פון זיין לעבן אין שפּאַניע. אַוורעם האָט איבערגעלאָזן אַ טרויעריק־זיסע דערמאָנערונג. די פריינטשאַפט מיט סאַלן האָט זיך נאָך מער פּאַרפעקטירט. און שוירלי איז אים געוואָרן נאָך ליבער. נאָר ווען ער פלעגט ווערן ראָמאַנטיש, פלעגט זי ווערן זייער פּראַקטיש.

איין טאָג אין אָקטאָבער האָט קאָפּי פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. ער איז געשטאַנען מיט זיין היטל אין האַנט לעבן אַוורעמס קייווער און האָט געשוואָרן צו קעמפן קעגן פאַשיזם אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין אַרבעט נאָך ניט אין גאַנצן קיין געזונטער. אַ שווערע, טרויעריקע אַרבעט...

איין מאָל האָט ער געדאַרפט פירן הייסע קאַפע צום פראָנט, ווייל די קיכן זיינען געווען אַ פּאָר מייל פון די שלאַכט־פייערן. ער האָט געדאַרפט פאָרן שנעל, דער וועג איז געווען ניט קיין זיכערער. ס'איז געווען בּאַנאַכט, און קיין ליכט האָט ער ניט געטאָרט אָנצינדן.

ער האָט געבראַכט די קאַפּע און איז אַריין אין די טרענטשעס פאַרברענגען אַ ביסל מיט די סאָלדאַטן. ס'איז געווען שטילשטאַנד. מען האָט ניט געשאָסן.

די סאָלדאַטן זיינען געשטאַנען באַם ברעג פון טרענטש און האָבן אַרויסגעקוקט. קאַפּי איז אויך צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן. דורך די נידעריקע ביימלעך זיינען געקראָכן זעקס רעבעלן. זייער וועג איז געווען אַ שווערער, ווייל זיי האָבן געמוזט באַהאַלטן זיך, אָבער זיי זיינען אָנגעקומען. זיי זיינען צוגעקומען צו די טרענטשעס מיט אויפגעהויבענע הענט.

מען האָט באַ זיי צוגענומען די ביקסן און זיי זייער גוט אויפגענומען. זיי האָבן זיך איבערגעגעבן מיט פרייד. דאָס איז געווען ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס קאַפּי איז בייגעווען אַזאַ פאַל.

אין די טרענטשעס האָט ער געזען אַ ציווילן, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער וואַרט, די לאָיאַליסטן זאָלן איבערנעמען זיין שטאָט, וועט ער זיך ווידער קענען זען מיט זיין פרוי און קינד, וועלכע ער האָט ניט געזען אַ יאָר צייט. קאַפּי האָט אויף אים געקוקט און געטראַכט: „ווי אַזוי קען ער צוקוקן, ווי מען פאַר־ניכט די שטאָט, ווייסנדיק אַז זיין פרוי און קינד זיינען דאָרט?"

כאָטש קאַפּי האָט געזען אַזעלכע טראַגעדיעס אַלע טאָג, האָט ער זיך קיינמאָל ניט געקאָנט צוגעוואוינען צו זיי, און ער וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

קאַפּי איז נאָך ניט געווען אין גאַנצן געזונט און פלעגט אָפט קריגן היץ. האָט מען אים צוגענומען פונעם טראַק, און ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין קיך — קריגן האָלץ פאַרן אויוון, לאָדן און אויסלאָדן די טראָקס.

• • •

דאָן איז געקומען נעגרינס רעדע, אין וועלכער ער האָט אַנאָנסירט, אַז די וואָלונטירן ווערן אַוועקגעשיקט אַהיים. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע. אָבער, אויב מען דאַרף פאָרן אַהיים, איז פאָרן וואָס שנעלער. אָבער עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט, ביז מען האָט אונטערהאַנדלט מיט פראַנקרייך

און אַמעריקע. ענדלעך אָבער האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען געענדיקט און מען האָט געקענט פאָרן.

דעם לעצטן טאָג אין שפּאַניע האָט קאָפּי פאַרבראַכט אין באַרצעלאָנאַ. אָבער וואָס פאַר אַ באַרצעלאָנאַ! אַזוי אַנדערש פון דער שיינער שטאָט, וועלכע קאָפּי האָט געזען, ווען ער איז אָנגעקומען קיין שפּאַניע. אַ צעבראָכענע, רואינירטע שטאָט, פול מיט טויטע. דאָך האָבן די איינוואוינער געמאַכט פאַר די וואָלונטירן אַ דעמאָנסטראַציע. זיי האָבן אויסדעקאָרירט די שטאָט מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט.

די וואָלונטירן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דעם 17טן אַפּריל אויף אַ ברייטן בולוואַר. פון דאָרטן האָט מען מאַרשירט איבער דער גאַנצער שטאָט. די איינוואוינער זיינען זיי געלאָפן אַנטקעגן, אַרומגענומען זיי און געקושט זיי. מען איז געווען אי טרויעריק, אי פריילעך, ווייל דאַן איז מען נאָך געווען זיכער, אַז דאָס שפּאַניש פאָלק וועט זיגן.

דאָרטן האָט קאָפּי געפונען סאָל, אַן ערנסטן, אַ שטילן — גאָר אַן אַנדער סאָל, ווי דער וועלכן ער האָט געקענט אין קאַלי־פאָרניע. ער האָט שוין געהאַט אַ פּאַספּאָרט צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. קיין רייד פון זיין שוועסטער, קיין בריוו פון דער היים האָבן ניט געקאָנט העלפן. ער האָט פאַרשפּראָכן אַוראָמען פאַרצוזעצן זיין אַרבעט, און ער וועט האַלטן זיין וואָרט.

• • •

ווייטער איז שוין אַלץ צוגעגאַנגען שנעל. אויף דעם גרענעץ האָבן זיך אַלע איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער. אַלץ וואָס ער געדענקט פון פראַנקרייך, איז דער ערשטער גוטער מאָלצייט, וואָס זיי האָבן געהאַט, זינט זיי זיינען אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע.

אויף דער שיף האָט ער אַ סאַך געטראַכט וועגן זיינע כאַווײרים. פון דער גרופּע פון זעקס און דרייסיק, וואָס האָבן געגאַנגען צוזאַמען מיט אים דעם גרענעץ, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס איז געפאָרן צוריק קיין אַמעריקע. פּופּצן זיינען

נאך געלעגן פארוואונדעטע, פינף זיינען געווען טויט; א טייל, ווי סאל, זיינען געפארן אין אנדערע לענדער.

באם אנקומען האט ער זיך געפילט מאדנע. ער איז געווארן סענסיטיוו און צוריקגעהאלטן. ס׳איז אים געווען אומבאקוועם ארויפצוגיין פון שיף און הערן די אפלאדיסמענטן פון דעם עולם, וואס האט באגעגנט די וואלונטירן, אזוי ווי ער וואלט געווען א העלד. איז ער שנעל-שנעל ארונטערגעלאפן פונעם בריקל און איז אוועק אין א זייטיק געסל. מיטאמאל האט ער דערהערט א געשריי, און די מאמע און זיין שוועסטער זיינען ארייננעפאלן אין זיינע ארעמס.

דאס איז געווען מיט דריי מאנאטן צוריק.

קאפי איז ניט קיין העלד. אזוי טראכט ער. אוועקגעפארן קיין שפאניע, אין מיטן פון זיין ארבעט, און דארטן געטריבן א טראק, אהין און צוריק. קיינמאל ניט פארוואונדעט געווארן, קיינעם ניט געראטעוועט, קיין העראאישע זאכן ניט אויפגעטאן. נאר שטענדיק געטאן, וואס מען האט אים געהייסן. אלעמאל געארבעט, שטענדיק געווען אין געפאר.

ס׳איז שוין טונקל אין גאס. קאפי זיצט מיט די הענט אויף די קני און טראכט. און דאס בלויע, שאטנדיקע ליכט טאנצט איבער זיין פאנעם און שפילט זיך מיט זיינע געדאנקען...



# איינער פון די העלדן

● סידני שוואַרץ

דאָס שלאַכט-פעלד איז אַמאָל געווען אַ גרויסער געדיכטער וואַלד, וואו דיביימער האָבן זיך געיאָגט, ווער ס'וועט אויפֿהייבן די צווייגן העכער און נעענטער צו דער זון. איצט איז דער וואַלד איין גרויסער שוידער. מ'קאָן הערן דעם שטילן אָבער שוידערלעכן רוף פֿון די סאָלדאַטן נאָך הילף. עס טראָגט זיך איבערן וואַלד דער שווערער רייעך פֿון די טויטע, וואָס ליגן אָפּט עטלעכע טעג צווישן אונדז און דעם סוינע. באַנאַכט איז אוממעגלעך צו שלאָפֿן. די ראַצן קריכן אַרום און עסן אויף אַלץ, וואָס זיי געפֿינען. ווען זיי געפֿינען ניט קיין שפּייז, בייסן זיי די שלאָפֿנדיקע סאָלדאַטן. באַטאָג און באַנאַכט הערט מען דאָס

קראַנקען פון קאַנאַנען און מאַשין־ביקסן, וואָס קאָן טרייבן מענטשן צו מעשוגאַס.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר זיך געשלאָגן מיטן סוינע. מיר זיינען געווען יונגע מענטשן פון אַ סאַך לענדער. מיר האָבן געהאַט קוראַזש און געוואוסט פאַרוואָס און קעגן וועמען מיר שלאָגן זיך.

איצט ליג איך אַ פאַרוואונדעטער אין שפּיטאָל. אַרום מיר ליגן נאָך פאַרוואונדעטע. די דאָקטוירים טוען אַלץ, וואָס זיי קאָנען, צו פאַרגרינגערן די ליידן פון די פאַרוואונדעטע. איך בין אומרואיק. כ'האָב ניט וואָס צו טאָן. איז מיר איינגעפאַלן צו שרייבן מיין אויטאָביאָגראַפיע, דערציילן דער וועלט, ווי די וואָלונטירן קעמפן אין שפּאַניע.

• • •

איך בין געבאָרן געוואָרן אין ליפּקאַן, רומעניע. די לאַגע אין לאַנד איז געווען אַ שרעקלעכע. אומעטום הונגער, סטרייקס און קאַמפן.

דאָס פאָלק איז געווען אומרואיק.

ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר יאָר, האָבן מיינע עלטערן באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, וואו אַלע זיינען מיליאָנערן און מען וואוינט אין פּראַכטפולע הייזער.

מיר קומען אָן אין ניו יאָרק אין יאָר 1909. איך געדענק נאָך מיינע ערשטע איינדרוקן. הויכע הייזער און פאַבריקן. מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אויף דער איסט סייד, וואו ס'האָבן זיך דעמאָלט באַזעצט די אימיגראַנטן. די ערשטע צייט איז ניט געווען אַזוי גוט. דער טאַטע און די מאַמע האָבןביידע געדאַרפט אַרבעטן. דער טאַטע בײַ פּאָר און די מאַמע בײַ קנעפּלעך. די פיר קינדער זיינען געוואָרן ווילד אָן דער מאַמעס אויג. מיר זיינען געווען אַזוי אָרעם, אַז ס'איז ניט געווען קיין געלט אויף אַ פּריוואַטן דאָקטער, ווען איך בין קראַנק געוואָרן. איך האָב געדאַרפט פאָרן מיט דער מאַמען אין אַ קליניק, ווייט פון אונדזער הויז. זיי האָבן מיך געהיילט און אויף זומער האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין אַ קעמפּ, וואו מיין געזונט האָט זיך פאַרבעסערט.

נאָך דעם זומער בין איך ווידער געוואָרן אַ שטאַרקער באַכער.

• • •

מיינע עלטערן זיינען געווען זייער רעליגיעז. מ׳האָט מיר געגעבן אַ רעליגיעזע דערציאונג. איך האָב זיך גוט געלערנט און געקענט טיילן פון דער ביבל אויף אויסנווייניק. איך געדענק די גרויסע פרייד אין דעם טאָג פון מיין באַר־מיצווע. איך האָב זיך אַזוי פיל געפרייט, ווען דער רעבע האָט אָנגעטאָן אויף מיר דעם טאַלעס און די יאַרמעלקע.

איך האָב אָנגעהויבן לייענען און שרייבן העברייאיש. אין טאַלמעד־טוירע בין איך געלאָפן אַזוי שנעל, ווי מיינע פיס האָבן מיך געטראָגן. צו פערצן יאָר בין איך געוואָרן אַ ציעניסט.

• • •

שפּעטער בין איך אָנגעקומען אין אַ לערער־סעמינאַר. מיט צוויי יאָר שפּעטער בין איך אַוועק אין סיראַקיוז און אַריינגעטראָטן אין אוניווערזיטעט. איך האָב זיך גענומען צום לייענען. איך פלעג טעג און נעכט זיצן באַ יידישע און ענגלישע ביכער.

אין יאָר 1927 הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין מיין לעבן. איך האָב כאַסענע געהאַט מיט אַ שיינער מיידל, ראָזע ליבנער. ס׳איז אונדז גוט. מיין פאָטער האָט אַ שאַפּ און לעבט פאַרמעגלעך. פאַר מיין כאַסענע האָט מיין פאָטער מיך אַריינגענומען צו זיך אין שאַפּ.

ס׳האָט אונדז גאָרניט געפעלט. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. דער קראַך פון 1929 האָט אונדז רואינירט. דער טאַטע האָט אַלץ פאַרלאָרן.

• • •

ערשט איצט הייב איך אָן זיך באַקענען נעענטער מיטן לעבן פון די אַרבעטער. איך ווער קלאַסן־באַוואוסטזיניק. איך גיי אויף מיטינגען. איך הייב אָן רעדן. איך ווער גאָר אין גיכן אַן אָרגאַנייזער. איך לערן די אַרבעטער וועגן דער וויכטיקייט פון איייניקייט, וועגן די סיבעס פון זייער ביטער לעבן. איך קום צו דער איבערצייגונג, אַז דער בעסטער וועג ווי צו העלפן די אַרבעטער, איז: זיך אָנצושליסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

• • •

אין יאָר 1936 ווער איך סעקציע־אָרגאַנייזער פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין קווינס, ניו יאָרק. גרויס איז געווען מיין פרייד, וואָס די פּאַרטיי האָט מיר אָנגעטרויט אַזאַ פאַראַנטוואָרט־לעכע פּאָזיציע. איך וואַרף זיך אַריין אין דער אַרבעט. פון 80 פּאַרטיי־מיטגלידער אין מיין סעקציע וואַקסט די פּאַרטיי אויף זעקס הונדערט.

• • •

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שפּאַנישער קריג. דאָס שפּאַנישע פאָלק קעמפט קעגן די פאַשיסטן. שפּאַנישע שטעט פאַלן אַריין אין פאַשיסטישע הענט. דער סוינע קומט נעענטער צו מאַדריד. וועט די הויפּט־שטאָט פון שפּאַניע אויך פאַלן?

עס איז מיר אַריין אין קאָפּ דער געדאַנק: פאָרן קיין שפּאַניע! פאַרטיידיקן מאַדריד! ס'איז פאַר מיר קלאָר געווען, וואָס דאָס מיינט.

• • •

אין אַ שטילער נאַכט האָב איך צונויפגענומען מיינע גע־דאַנקען און געטראַכט וועגן שפּאַניע. היטלער און מוסאָליני העלפן פראַנקאָן. וועט געווינען דער פאַשיזם, ווערט גרעסער די געפאַר פאַר דער גאַנצער וועלט. העלדישע וואָלונטירן זיינען אַוועק קיין שפּאַניע איינשטעלן זייערע לעבנס אין קאַמף קעגן דעם סוינע פון דער וועלט, דעם פאַשיזם. איך האָב באַשלאָסן, אַז דאָס דאַרף אויך זיין מיין וועג ווי צו העלפן שפּאַניע.

• • •

איך האָב די זעלביקע נאַכט דערציילט מיין פרוי מיינע געדאַנקען. ס'איז געווען אַ טרויעריקער שמועס. וואָס וועט זיין מיטן קינד, טאָמער איך וועל פאַלן?

— טראַכט איבער נאָך אַ מאָל. וואָס וועט ווערן פון אונדז?
— האָט מיין פרוי געפרעגט.

• • •

איך האָב גענומען גרייטן זיך אין וועג. אין דער היים איז געוואָרן שטיל...

• • •

שפּאַניע איז שיין און ראָמאַנטיש. אַ לעבעדיק און פרייליך פאָלק. אָבער ווען איך בין אָנגעקומען, איז די פרייד געווען אָפּגעווישט. פרויען און קינדער האָבן געלעבט אין שטענדיקער שרעק פאַר באָמבאַרדירונגען. ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קראַנק־הייטן, ווייל דאָס פאָלק האָט ניט געהאַט וואָס צו עסן. אָבער דער גייסט פון דעם פאָלק איז אַ מוטיקער. מער און מער יונגע לייט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער לאָיאַליסטישער אַרמיי.

די שפּאַנישע באַפעלקערונג האָט אונדז באַגריסט. זיי האָבן דערזען, אַז די אַרבעטער פון דער וועלט העלפן זיי אין זייער קאַמף.

• • •

מ׳לערנט אונדז מיליטערישע איבונגען. מ׳לערנט אונדז אויך בעסער פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר קעמפן קעגן דעם פאַשיזם. מיר ווערן ניט באַטראַכט ווי קיין נידעריקערע מענטשן פון די אָפיצערן. דער קאָמאַנדיר דערקלערט אין גיכן, אַז מיר זיינען גרייט פאַרן פראָנט.

• • •

איך וועל שטענדיק געדענקען דעם 21טן יולי, 1937. אַ טאָג, וואָס האָט געדונערט מיט קאַנאָנען, עראָפּלאַנען און מאַשין־ביקסן. אַ גרויזאַמער טאָג. אונדזער באַטאַליאָן איז דורכגעגאַנגען צוויי פון די ערגסטע לופט־באָמבאַרדירונגען פון די רעבעלן. איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן אין דער רעכטער האַנט. געשען איז דאָס צוליב אַן אייזל, וואָס איז נאָך אַלץ אַ וויכטיקער טראַנספּאָרטאַציע־מיטל אין שפּאַניע.

אונדזער באַטאַליאָן האָט אָנגעגריפן אויף אַ פּאָזיציע. מיר זיינען נאָך ניט געווען אָפּגעגאַנגען קיין אַכט הונדערט פוס, ווי מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פאַשיסטישן פּאַטרול. מיר האָבן זיך שנעל צעשאָטן איבערן פעלד און אָנגעהויבן דערלאַנגען פייער. נאָר אונדז האָט פאַרפעלט אַמוניציע. איך האָב זיך געלאָזט צוריק קריגן קוילן. איך בין אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, אָנגעלאָדן אויף אַ טונקל־הויטיקן אייזל פיר קאַסטנס קוילן און בין אַוועק אין דער ריכטונג פון פאַשיסטישן פּאַטרול.

דער אייזל האָט זיך געהאַט זיין באַגריף, ווי שנעל מ׳דאַרף גיין, און ער האָט געמיטלעך שפּאַצירט איבערן פעלד, ווי מען שפּאַצירט אין אַ זונטיק אויף פינפטער עוועניו.

איך האָב גערעדט צו מיין אייזל אויף מיין בעסטן ענגליש:

— זע, וואָס פאַר אַ „דעם פול" דו ביסט. דו מיינסט, אַז דיין טונקעלע הויט וועט דיך ראַטעווען? דו זעסט, ווי די קוילן פליען אין אַלע ריכטונגען? ווען דו וואָלסט געהאַט סייכל, וואָלסטו דאָס שטיקל וועג דורכגעמאַכט לויפנדיק. די קאַוויירים וואָלטן גאָר ניט געוואוסט, ווי דיך אָפּצושאַצן, ווען דו וואָלסט געקומען צו לויפן מיט דער אַמוניציע. וועסט זיין אַן אייזל, וואָס איז נאָך קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. אַזוי ווי דו גייסט, וועסטו מיסטאָמע ברענגען דעם טויט אויף אונדז ביידן.

אַזוי האָב איך גערעדט צו דעם דאָזיקן ניט-יוישעדיקן אייזל. און איר מעגט מיר גלויבן, אַז דער אייזל האָט מיר געגעבן גענוג צייט צו רעדן.

איינע פון די אומצייליקע קוילן, וואָס האָבן געפייפט אַרום אונדז, איז דורכגעפלויגן מיין אָרעם. איך בין געפאַלן און גענומען רופן נאָך הילף. אַ שפּאַנישער כאַווער איז צוגעקומען, קריכנדיק אויפן בויך, און האָט מיך אויף שנעל באַנדאַזשירט.

• • •

נאָך דער שלאַכט בין איך אַוועק אויף מיין באַזע. איך האָב זיך ניט געמאַכט קיין צימעס וועגן מיין וואונד. אָבער די וואונד איז געוואָרן ערגער און מ׳האָט מיך אַוועקגעשיקט אין שפּיטאָל.

דער שפּיטאָל איז געווען געפּאַקט מיט פאַרוואונדעטע סאָל-דאַטן. אַלע בעטן זיינען געווען פאַרנומען. דער רייעך פון בלוט און שווייס איז געהאַנגען אין דער לופטן. אויף איין בעט ליגט אַ באָכער אָן אַ האַנט; אויף אַ צווייטער — אַ סאָלדאַט אָן ביידע פיס. און אַזוי קעסיידער.

• • •

מיין וואונד האָט גענומען זיך יאַטערן...

• • •

... רובים געפיל, אַז זיין וואונד וועט זיך אויסהיילן, איז

צעשמעטערט געוואָרן. בלוט־פאַרגיפטונג האָט זיך אַנטוויקלט אין זיין קערפּער, און די דאָקטוירים האָבן אים ניט געקאָנט ראַטעווען.

ער איז געשטאָרבן דעם 28טן אויגוסט, 1937.

• • •

רובים פרוי קאָן מיט אַ שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ קוקן דער וועלט אין די אויגן. איר איז באַשערט געווען צו לעבן מיט אַ מענטשן, וואָס וועט אריין אין דער געשיכטע פון העראָאישע קאַמפן, ווי איינער פון די שענסטע העלדן. זיצנדיק אין אָוונט מיט איר טאָכטער, וועט זי מיטן טיפסטן ציטער אין איר האַרץ קאָנען זאָגן:

„ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער,
פאַלט ער אויפן פעלד.
זאָרג ניט, קינד, מיינס, דיך געבוירן
האָט אַ גרויסער העלד.“



# פאַרן לעבן

## • טערעזאַ קאָן

עס איז געווען פרייטיק, פינף אַזייגער פאַרנאַכט. אַ קילער אָוונט. אין דרויסן איז די לופט געווען פריש און זאַפטיק. אין די גערטנער איז שוין געווען גרין דאָס גראָז, און אויף די צווייגן פון די ביימער האָט מען שוין געקאָנט זען שפּראָצונגען.

זיי האָבן דערמאָנט, אַז פרילינג איז דאָ.

אין דער אונטערערדישער באַן איז אויך געווען פרילינג, אָבער אַן אַנדער סאָרט פרילינג. אַלע אַרבעטער ווייסן, וואָס פאַר אַ באַדייטונג פינף אַזייגער האָט פאַר זיי: די „יאָג-שאָ“. מענטשן זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. די, וועלכע ס'האָט זיך איינגעגעבן פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ, האָבן געכאַפּט אַ דרימל, אָדער געלייענט אַ צייטונג. אויף יעדער סטאַנציע זיינען אָנגעקומען

מער און מער מענטשן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז קיינער גייט ניט אַרויס. די לופט איז געווען שטיקנדיק. עס האָט זיך געפילט שוויים.

איינער פון די פּאַסאַזשירן איז געווען מוישע. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט קיינמאָל ניט דערלעבן אַהיימצוקומען. אַ פעטער מאַן, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים, האָט זיך אויפ־געהויבן אַרויסצוגיין, אָבער ער האָט ניט געקאָנט דורכשטופּן זיך, און די טיר האָט זיך פאַרמאַכט. זיין פּאָנעם איז געווען רויט פון היץ און קאַס, און ער האָט געבורטשעט צו זיך. ענדלעך איז ער אַרויס און מיט אַ זיפץ פון פאַרלייכטערונג האָט מוישע פאַרנומען זיין פּלאַץ. ער האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן, קעדיי ער זאָל קאָנען אָפּווישן די פּענעמער אַנטקעגן אים און קאָנען איבערטראַכטן נאָך אַ מאָל די פּאַסירונגען בא זיין „ווײַ. סי. על.” מיטינג.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז ווידער אַמאָל אין זיינע קלוב־צימערן. עמעצער האָט גערעדט. מוישע האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דעם רעדנער, קעדיי זיינע אויגן זאָלן ניט פאַרהערן קיין איין וואָרט.

דעם כאַווערס רעדע איז געווען וועגן די וואָלונטירן. נאָכ־דעם האָט ער צו זיך צוגערופן מוישען. ווען מוישע האָט דער־הערט זיין נאָמען, האָט זיין האַרץ אים אָנגעהויבן קלאַפּן אַזוי שטאַרק, אַז אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די, וואָס זיינען געזעסן לעבן אים, האָבן עס געהערט.

דער כאַווער לעווין האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל דערוואַרטן אַ בריוו מיט אינסטרוקציעס. מוישע האָט געקוקט, ווי אַ צע־מישטער. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ענדלעך זיינען זיינע האָפענונגען מעקוייעם געוואָרן!

אין זאָל איז געוואָרן זייער טומלדיק. מוישע איז אַרויס אין גאַס. די קילע לופט פון גאַס האָט אים זיין הייסן פּאָנעם געגלעט, און ער האָט זיך דערפילט אָפּגעפרישט. . . .

פּלוצלונג האָט מוישע געעפנט די אויגן. די באַן איז געווען קימאַט ליידיק. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. איז ער פאַרפאָרן?

ניין. ער האָט מאַזל, האָט ער צו זיך געטראַכט. די באַן איז אָנגעקומען אויף זיין סטאַנציע. די טיר האָט זיך געעפנט, און מוישע איז אַרויס.

אַרויסגייענדיק, האָט ער באַגעגנט אַ באַקאַנטן, וואָס האָט געוואוינט אויף דער זעלביקער גאַס. זיי האָבן גערעדט אַ מינוט צען, אָבער ווען זיי זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט מוישע ניט געקאָנט דערמאָנען זיך, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט.

מוישע האָט געוואוינט אין אַ צוויי־פאַמיליע הויז. ווען ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף די שמאָלע טרעפּ, האָט ער בא זיך געטראַכט: וואָס זאָל ער טאָן מיט די עלטערן? ווען ער האָט מיט זיי גערעדט, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, וועגן פאָרן קיין שפּאַניע, האָבן זיי גאָרנישט געזאָגט, און ער האָט געפילט, אַז זיי גלויבן אים נישט.

אַזוי טראַכטנדיק, איז ער צוגעקומען צו זיין טיר און איז אַריין. זיינע עלטערן און די צוויי שוועסטער זיינען שוין געזעסן באַם טיש און האָבן געגעסן. מוישע האָט זיך מיט זיי באַגריסט און איז געגאַנגען זיך אָפּוואַשן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער זיך געזעצט צום טיש עסן. ער איז געווען זייער הונגעריק, אָבער זיין צעטראָגנקייט האָט אים נישט געלאָזט עסן. דאָס עסן איז געבליבן שטעקן אין האַלדז. ער האָט אַרויסגענומען זיין צייטונג און האָט זיך גענומען לייענען, קעדיי מען זאָל ניט באַמערקן זיין אומרו.

נאָכן עסן האָט די מאַמע זיך גענומען צום געפעס, דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעזעצט לייענען. די מיידלעך זיינען אַוועק שפּאַצירן.

מוישע איז אַריין צו זיך אין צימער און האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ. ער האָט געדרייט דעם ציי‍גער, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אַ סימפאָנישע פּראָגראַם. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט בעטהאָווענס פּראַכטפולע זיבעטע סימפאָניע. מוישע האָט זיך צוגעלייגט אויפן בעט און האָט זיך צוגעהערט צו זיין באַליבטן בעטהאָווען. די מוזיק האָט אים באַרואיקט, און ער איז אַזוי געלעגן אַ לאַנגע צייט. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן

אויף זיין זייגער, איז עס שוין געווען נאָך עלף. ער איז אויפֿ־געשטאַנען, איז אַריין אין קיך און האָט גענומען אַ גלאָז מילך. נאָך דעם איז ער אַריין אין עס־צימער, געזאָגט אַ גוטע נאַכט צו זיינע עלטערן און האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין צימער. ער איז געווען אַזוי מיד, אַז ווי נאָר ער האָט זיך געלייגט אין בעט, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

מוישע איז געשלאָפן שפעט, און ווען ער האָט זיך אויפֿ־געכאַפּט, איז שוין געווען האַלבער טאָג. ער האָט אַזוי נאַטירלעך, ווי מעגלעך, געפרעגט זיין מוטער, אויב עס איז אָנגעקומען פאַר אים אַ בריוו. די מאַמע האָט ניט באַמערקט קיין אויפרעגונג אין זיין שטים און האָט אים געענטפערט, אַז ניט.

נאָכן מיטיק איז מוישע אַרונטערגעגאַנגען אָפּצואוואַרטן די פּאָסט. דער פּאָסטמאַן איז געקומען אין צען מינוט אַרום, אָבער באַ מוישען האָבן זיך די מינוטן געצויגן ווי שאָען. מוישע האָט אָפּגענומען דריי בריוו: צוויי בריוו זיינען געווען פאַר זיינע שוועסטער, דער דריטער — פאַר אים. ער איז אַריין צו זיך אין צימער און זיך גענומען צו זיין בריוו. ער האָט איבער־געלייענט אַ פּאָר מאָל. דאָס זיינען געווען זיינע אינסטרוקציעס: מיט וועמען ער וועט פאָרן, פון וואַנען, ווען, און אויף וועלכער שיף. די שיף איז געווען „לאַפאַיעט". זי וועט פאַרלאָזן אַמעריקע דעם 14טן אַפּריל. מוישע האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאַלענדאַר: ס'איז געווען דער 13טער. ער האָט געהאַט נאָר עטלעכע שאָ צוזאַמענצולייגן זיינע זאַכן. ער האָט אַרויסגענומען זיין רענצל און האָט גענומען אַריינפּאַקן די עטלעכע זאַכן, וועלכע ער האָט געדאַרפט מיטנעמען. דאָן האָט ער דאָס רענצל אַרונטער־געשטופּט אונטערן בעט, קיינער זאָל עס ניט באַמערקן.

די נאַכט האָט ער גאָרניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן זיין פאַמיליע און האָט זיך דערפילט שולדיק, פאַרוואָס ער האָט זיי גאָר נישט געזאָגט. אָבער, האָט ער מיט זיך אַרגומענטירט, עס וועט אַזוי זיין בעסער פאַר אַלעמען. עס האָט גענומען טאָגן, ווען מוישע איז ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ וואַרעמער. די זון האָט גע־

שיינט אויף זיין שלאָפנדיקן פּנים, ביז די שטראַלן האָבן אים אויפגעוועקט. ער איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און האָט זיך שנעל אָנגעטאָן. קיינער איז ניט געווען אין הויז. איצט איז געווען די בעסטע צייט צו פאַרלאָזן דאָס הויז. ער האָט שנעל געכאַפּט אַ ביס, האָט זיכער געמאַכט, אַז ער האָט גאָרנישט ניט פאַרגעסן, האָט זיך אַרומגעדרייט עטלעכע מינוט איבערן צימער, געקוקט אויף אַלץ, עס זאָל פאַרבלייבן אין זיין זיקאָרן. דאַן האָט ער גענומען זיין רענצל און איז אַרויס פון הויז. ער איז צוגעפאָרן צו טיימס סקווער און איז אַרויס געפינען אַ טעלעפאָן.

די מאַמע האָט שוין געדאַרפט זיין אין דער היים, ווייל עס איז געווען פאַר מיטיק, און זי האָט געדאַרפט אָנגרייטן עסן. אין אַ סעקונדע אַרום האָט ער שוין געהערט דער מאַמעס שטים.

— מאַמע — האָט ער געזאָגט — הער זיך צו, ווייל איך האָב זייער ווייניק צייט. איך רוף דיך איצט פון טיימס סקווער. איך פאָר אין דער סאָוט. יאָ, אין דער סאָוט — מיט אַ פריינט. דו קענסט אים ניט. איך האָב ניט קיין צייט צו דערציילן מער. יאָ, אַוודאי וועל איך שרייבן. גריס אַלעמען. זאָרג זיך ניט, מאַמע, איך וועל שוין אויפפּאַסן אויף זיך. גוד ביי.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין געווען אין האַפן. אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ האָט ער באַגעגנט זעקס אַנדערע וואָלונטירן. זיי זיינען אַלע צוזאַמען אַרויף אויף דער שיף. עס איז געווען אָפּגעמאַכט צווישן זיי, אַז יעדער איינער פון זיי זאָגט, אַז ער פאָרט אין אַן אַנדער לאַנד. מוישע איז „געפאָרן קיין פּוילן". דער פיר איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, אַ סך לאַכנדיקע, אַ סך — וויינענדיקע. אַנדערע האָבן גערעדט שטילערהייט צווישן זיך. עס האָט זיך דערהערט אַ פייף — דער סיגנאַל, אַז אַלע ניט-פּאַסאַזשירן דאַרפן פאַרלאָזן די שיף. די שיף האָט זיך אָנגעהויבן רירן און באַלד זיינען דער פּיר מיט די מענטשן פאַרשוואונדן פון די אויגן.

• • •

מוישע איז געשטאַנען אויפן דעק און האָט געקוקט אויף די ענדלאָזע וואַסערן. ער האָט ניט געפילט קיין כאַראַטע, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ער פאָרט קעמפן קעגן פאַשיזם, דעם גרעסטן פיינט פון די פעלקער. ער האָט געפילט, אַז מיט אַ ביקס קאָן ער מער דערגרייכן, און אין שפּאַניע נויטיקט מען זיך אין אים און אין אַזעלכע, ווי ער.

אויפן פערטן טאָג איז דער יאַם געוואָרן אומרואיק. אַלע זיינען אַראָפּ אין די קאַבינען, ווייל מען האָט געקענט זען, אַז עס רוקט זיך אָן אַ בייזער שטורעם. מוישע איז געזעסן אין זיין צימער און האָט אַרויסגעקוקט אויפן קאָכנדיקן יאַם. די שיף האָט זיך אַזוי געוואַקלט, אַז ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן אויף זיין בענקל. ער האָט פּרובירט לייענען אַ בוך, אָבער דער רוישנדיקער יאַם האָט אים ניט געלאָזט זיך קאָנצענטרירן.

אויפן זעקסטן טאָג איז די שיף אָנגעקומען קיין פראַנקרייך. מוישע און די אַנדערע כעוורע זיינען אַרונטער צוזאַמען. זיי האָבן נאָר געקאָנט כאַפּן אַ קוק אויף פּאַריז, ווייל מען האָט זיי באַלד אַוועקגענומען אין דער סאַוט, אין אַ קליין שטעטל. אַ כאַווער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מען וועט דאַרפן זיין זייער פאָרזיכטיק צוליב די פאַשיסטן.

מוישע און פיר אַנדערע כאַווירים האָבן זיך געפונען אין אַ קעלער. מ׳האָט זיי געוואָרנט, זיי זאָלן ניט אַרויסגיין, ביז וואַנען מ׳וועט זיי קומען נעמען. זיבן טעג זיינען אַוועק, און מוישע מיט די כאַווירים זיינען נאָך אַלץ געלעגן אין פינצטערן קעלער. אַלע טאָג האָט זיי אַ פרוי געבראַכט עסן און זיי אָנגעזאָגט: „האָט געדולד!" זי איז געווען אַן איינוואוינערין פונעם שטעטל, און אינעם קעלער פון איר הויז זיינען זיי דאָס געלעגן באַהאַלטן.

קעדיי די צייט זאָל לויפן שנעלער, האָבן די כאַווירים זיך דערציילט מייסעס. אין מער ערנסטע מאָמענטן האָבן זיי דיס־קוטירט וועגן מילכאָמע און וועלט־פּאָליטיק. זיי האָבן געוואוסט, אַז ס׳איז זייער מעגלעך, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט אומקערן אַהיים, אָבער וועגן דעם האָבן זיי ניט געטראַכט, ווייל זיי זיינען פרייוויליק אַוועק העלפן דעם שפּאַנישן פאָלק קעגן פאַשיזם.

אויפֿן אַכטן טאָג, נאָך מיטיק, האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט. עס איז געווען אַ זוניקער טאָג, און מוישען איז שווער געווען צו האַלטן אָפֿן די אויגן, ווייל זיי זיינען שוין געווען צוגעוואוינט צו דער פֿינצטערניש פֿונעם קעלער.

מאַשינען האָבן זיי אַוועקגעפֿירט צו דער פּראָנצויזישער זייט פֿון די פּירענייען. באַם גרענעץ האָבן געוואַרט נאָך וואָלונטירן. צווישן די וואָלונטירן זיינען געווען צוויי שפּאַניער, וועלכע האָבן געדאַרפֿט זיי אַריבערפֿירן דעם גרענעץ און אויס־מיידן די גרענעץ־וואַך.

דאָ האָט זיך מוישע באַקאַנט מיט אַ ניו־יאָרקער באָכער. ער איז געווען אַ פּריילעכער, און זיי האָבן זיך באַלד באַפֿריינדט.

מען האָט ענדלעך אָנגעהויבן גיין. מוישע מיט זיין נייעם כאַווער זיינען געגאַנגען צוזאַמען. מ׳גייט שטיל, מ׳רעדט ניט, מ׳זאָל זיי ניט דערהערן. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס קוואַקען פֿון זשאַבעס, און ס׳האָט זיך געזען דאָס ליכט פֿון די פֿייער־פֿליגעלעך. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער, אַזוי שווער, אַז זיי זיינען געבליבן אין מיטן וועג. מען האָט זיי באַזאָרגט מיט עסן און געזאָגט, אַז די צוויי שפּאַניער וועלן קומען נאָך זיי שפּעטער.

נאָך דער אַפּרו האָט די גרופּע מאַרשירט אַ גאַנצע נאַכט, און אין דער פֿרי זיינען זיי אָנגעקומען קיין שפּאַניע.

• • •

עס איז געווען אַ גרויער פֿרימאָרגן, און אין דער לופֿט האָט זיך געפֿילט די פֿייכטקייט פֿון פֿרימאָרגן. מוישע האָט זיך אַרומ־געקוקט און האָט דערזען פֿאַר זיך אַ וואונדערלעכע פּאַנאָראַמע. די נידעריקע בערג האָבן פֿאַרגעשטעלט אַ בילד פֿון רו און צופֿרידנקייט. מוישע האָט זיך אויף אַ מינוט פֿאַרגעסן, אַז דאָ ווערט אין דער זעלבער צייט אָנגעפֿירט אַ שוידערלעכע מיל־כאָמע. מיט אַ מאָל האָט זיך פֿון דער ווייטנס דערהערט אַ דונער. אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דעם זעלבן געדאַנק: ס׳איז ניט קיין דונער, ס׳איז אַרטילעריע־שיסעריי.

אין אַ דערבייאיק הייזל האָט מען זיי געגעבן אָפּעסן, און

פון דאָרטן האָט מען זיי אַוועקגעשיקט אין אַ רעקרוטן־סטאַנציע. מען האָט זיי אַריינגעפירט אין באַראַקן. אַלע זיינען געווען זייער מיד, און מען איז גלייך איינגעשלאָפן.

אין מעשעך פון דער צייט, וואָס זיי זיינען דאָרטן געווען, האָבן די באָכערים גוט פאַרבראַכט. אַ סאַך פון זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן, און ס׳איז געווען קאָמיש צוצוזען, ווי איינער האָט זיך געמאַטערט צו רעדן צו דעם אַנדערן.

אין אַ וואָך אַרום זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אַלבאַסעטע, וואו מען האָט זיי געלערנט מיליטער־דינסט. מוישע און זיין נייער כאַווער, הערשל, זיינען אַריין אין דער אינפאַנ־טעריע. די זעלבע נאַכט, ווען זיי זיינען אָנגעקומען, זיינען אַ סאַך וואָלונטירן אַוועקגעגאַנגען אין דעם „אינטערנאַציאָנאַלן קאַפע". די צוויי פריינט זיינען געזעסן באַ אַ טיש און האָבן געשמועסט. מיט אַמאָל האָט מוישע זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געהערט רעדן יידיש באַ אַ טישל. מוישע איז צוגעגאַנגען צו יענעם טישל און האָט אויסגעפונען, אַז די גאַנצע גרופּע איז פון פּאַלעסטינע. פיר פון זיי זיינען געווען יידן און צוויי — אַראַבער. זיי זיינען אַלע געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּאַלעסטינע.

דעם ערשטן מיי האָט מען געמאַכט אַ יאָנטעוו. הערשל האָט אָנגעשריבן לידלעך און סצענקעס, וועלכע די וואָלונטירן האָבן דורכגעפירט פאַר די דאָרפסלייט. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, און אַלע זיינען געווען זיכער, אַז שפּאַניע וועט פאַרטרייבן דעם פיינט. ווען די בריגאַדע האָט מאַרשירט איבער די גאַסן, האָבן אַפילע קליינע קינדער זיי באַגריסט מיט דעם סאַלוט פון דעם פּאָפּולערן פראָנט.

דאָס לעבן פון די רעקרוטן איז געווען קימאַט דאָס זעלביקע יעדן טאָג. מען איז אויפגעשטאַנען 5 אַ זייגער אין דער פרי, געלערנט מיליטערישע איבונגען ביז צוועלף, געגעסן, און ווידער אַמאָל זיך געלערנט ביז זעקס. דערנאָך זיינען זיי געווען פריי ביז האַלב נאָך ניין, ווען זיי האָבן שוין געמוזט זיין אין די באַראַקן.

מוישען איז אָנגעקומען אַ בריוו פון זיין פאָטער. אין דער היים זיינען אַלע געווען געזונט. די מאַמע האָט אויפגענומען די נייעס מיט טרערן, און דאָס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך. דער פאָטער איז, פון אָנהויב, געווען קעגן זיין פאָרן. אָבער שפּעטער, האָט ער זיך מוידע געווען אין זיין בריוו, אַז ווען ער וואָלט געווען אין מוישעס יאָרן, וואָלט ער אויך געטאָן דאָס זעלביקע. דער בריוו האָט געמאַכט אויף מוישען אַ דערפרייענ־דיקן איינדרוק, און ער האָט זיך דערפילט שטאַרק דערמוטיקט.

אַלע האָבן זיך שוין געריסן צום פראָנט. ענדלעך האָט מען אָנאָנסירט, אַז מען וועט אין גיכן פאַרלאָזן דעם לאַגער און אַוועק אויפן כאַראַמאַ פראָנט. און טאַקע, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט מען זיי אַוועקגעשיקט קיין ברונעט. זיי זיינען שוין געווען גאַנץ נאָענט צו די וויכטיקע פּאָזיציעס און האָבן דערפאַר גע־דאַרפט מאַרשירן באַנאַכט. באַטאָג זיינען זיי געשלאָפן אונטער ביימער.

דעם פערטן יולי זיינען פאַראייניקט געוואָרן דער וואַשינג־טאָן און דער לינקאָלן באַטאַליאָנען. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פייערונג, און הערשל האָט ווידער געשריבן לידלעך און סקיצן.

אין צוויי טעג אַרום האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן ערנסטע שלאַכט. מען האָט געדאַרפט צוריקנעמען אַ דאָרף, וואו די פאַשיסטן האָבן זיך זייער שטאַרק פאַרפעסטיקט.

עס איז געווען אַ שרעקלעכע שלאַכט. מוישע און הערשל האָבן זיך געשלאָגן זייט בא זייט. אַרום זיי זיינען געלעגן פאַר־וואונדעטע און טויטע. די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע האָט מען געקאָנט הערן דורך דעם קנאַל פון די שיסערייען. מיט אַ מאָל האָט מוישע דערפילט, ווי זיין גאַנצער קערפּער גיט אַ ציטער. ער איז געפאַלן. הערשל האָט ניט געזען, אַז זיין פריינט איז געפאַלן. מוישע איז געלעגן אַ לאַנגע צייט, ווי לאַנג — האָט ער ניט געוואוסט. זיין פּוס האָט אים געשטאָכן. די זון האָט אים געברענט אין פּאָנעם, און די צונג איז אים געוואָרן אַזוי טרוקן, אַז ער האָט געפילט אַ שטייפקייט אין קאָפּ. די געשרייען פון

די סאָלדאַטן זיינען צו אים דערגאַנגען פון ווייט . . . פון ווייט . . .

• • •

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען מען האָט אים אַרונטער־געטראָגן פון פעלד. מען האָט אים צוגענומען אין פעלד־שפּיטאָל. פון דאָרטן האָט מען אים מיט אַן אַמבולאַנס אַוועקגעפירט אין דאָרף. אויפן וועג האָט מוישע געהערט דאָס זשומען פון עראָ־פּלאַנען. ער האָט געגעבן אַ שוידער. וואָס וועט ער טאָן, אויב זיי וועלן באָמבאַרדירן דעם אַמבולאַנס? דער שאָפער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע, וואָס קאָנען, זאָלן לויפן באַהאַלטן זיך. ווען מוישע האָט דאָס דערהערט, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זיין האַרץ האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. אַ קאַלטער שווייס האָט אויף אים אַרויסגעשלאָגן. אַזוי איז ער געלעגן, וואַרטנדיק אויף אַ באָמבע. ענדלעך האָט ער דערהערט, ווי דאָס זשומען ווערט שטילער, און ס'איז מיט אַ מאָל געוואָרן אין גאַנצן שטיל.

דער שאָפער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און ווידער אַמאָל אָנגעהויבן טרייבן דעם אַמבולאַנס צום דאָרף. איצט האָט שוין מוישע געוואוסט, אַז זיינע כאַוויירים האָבן געזיגט אין שלאַכט, און אין זיין פרייד האָט ער פאַרגעסן, אַז ער איז שיִר ניט דערהאַרגעט געוואָרן.

פונעם שטעטל האָט מען מוישען אָפּגעשיקט קיין מאַדריד. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל און האָט געטראַכט וועגן הערשלען. ער האָט געבענקט נאָך זיין האַרציקן געלעכטער. איז עס מעגלעך, אַז ער איז אויך פאַרוואונדעט, אָדער . . . טויט?

איין מאָל, ווען ער איז אַזוי געלעגן פאַרטראַכט, איז אַרײַנ־געקומען דער דאָקטער. ער האָט געגעבן די פאַרוואונדעטע צו פאַרשטיין, אַז עס איז ניטאָ גענוג אַנעסטעטיק, און די, וועלכע זיינען ניט שווער פאַרוואונדעט, וועט מען קיין אַנעסטעטיק בײַ די אָפּעראַציעס ניט געבן. מען האָט אַרײַנגענומען עטלעכע פאַר־וואונדעטע אין אָפּעראַציע־צימער. דער ערשטער פאַרוואונ־דעטער האָט שטאַרק געשריען, אָבער דער צווייטער, אַ קובאַנער, האָט זיך אײַנגעביסן מיט די ציין אין זיין ליילעך און האָט ניט

אַרויסגעלאָזן קיין קלאַנג. די אַנדערע האָבן געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס דער קובאַנער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען מוישען אַריבערגעפירט אין אַן אַמעריקאַנער שפּיטאָל. דאָרטן האָט ער באַגעגנט איינעם פון זיינע כאַווירים. זיי האָבן זיך צערעדט וועגן די טעג, ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען. מיט אַ מאָל האָט מוישע זיך דער־מאָנט אָן הערשלען און האָט באַ אים געפרעגט:

— האָסטו געזען הערשלען?

דעם כאַווערס פּאָנעם איז געוואָרן טרויעריק.

— וואָס האָט מיט אים פּאַסירט? — האָט מוישע אויס־געשריען.

דער כאַווער האָט אָפּגעקערט זיין קאָפּ און אַ מורמל געטאָן:

— טויט...

— טויט? — האָט מוישע איבערגעכאַזערט — הערשל איז טויט... — פאַר אים זיינען געשטאַנען הערשלס לאַכנדיקע אויגן. טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער מוישעס פּאָנעם.

אַ מאָנאַט צייט איז ער געלעגן אין שפּיטאָל און הערשל איז אים ניט אַרויס פון קאָפּ. ווען עס איז קעלטער געוואָרן, האָט מען אים ווידער אַ מאָל אַוועקגעשיקט אין דער סאַוט, זיך אָפּרוען. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט די שפּאַנישע מאַסן. זיי האָבן אַוועקגעגעבן פאַר די סאָלדאַטן דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. עס איז געווען אַ באַליידיקונג פאַר זיי, ווען מען האָט זיי געוואָלט באַצאָלן.

אין אַ דאָרף, באַ דעם פראַנצויזישן גרענעץ, האָט מוישע געדאַרפט וואַרטן אויף אַ דערלויבעניש פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, אַריבערצוגיין דעם גרענעץ. אָבער מוישע און די איבע־ריקע כעווירע האָבן ניט געוואָלט פאָרן אַהיים. זיי האָבן געוואָלט דאָ בלייבן ביז דעם סאָף פון דער מילכאָמע און ווייטער העלפן זייערע שפּאַנישע ברידער. נאָר מען האָט זיי דאָ ניט דערלויבט צו בלייבן. זיי האָבן געמוזט פאָרן אַהיים.

• • •

אין צוויי וואָכן אַרום איז מוישע אָנגעקומען קיין פּאַריז, און

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער שוין געווען אויף דער שיף. ער איז געשטאַנען אויפן דעק און האָט געקוקט אויפן ברעג. עס איז געווען טומלדיק, ווי אַלעמאָל, אָבער מוישע האָט גאָרנישט געהערט. זיינע געדאַנקען זיינען געווען אין שפּאַניע, וואו זיין כאַווער, הערשל, איז געלעגן באַגראָבן אין דער שפּאַנישער ערד, וואו דאָס פאַראייניקטע שפּאַנישע פאָלק קעמפט קעגן איטאַ־ליענישע און דייטשע סאָלדאַטן.

אין זיבן טעג אַרום איז די שיף אַריין אין ניו־יאָרקער האַפן. ער האָט געזען פון וויטנס די אַמעריקאַנער פאָן. זי איז געווען ריין, ניט פאַרבלוטיקט, ווי די שפּאַנישע. אַמעריקע איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, אָבער פאַרוואָס העלפט עס ניט אַ צווייטן דעמאָקראַטישן פאָלק אין קאַמף פאַר זיין פרייהייט? פאַרוואָס נעמט מען ניט אַראָפּ די עמבאַרגאָ?

מוישע האָט באַשלאָסן זיין גאַנצן לעבן צו קעמפן פאַר דעמאָקראַטיע, קעגן דעם פיינט פון דער מענטשהייט, קעגן דעם בלוטיקן פאַשיזם.



# דער מאַמעס שוואָוע

● ריי גאָלדבלאַט

זעקס אַזייגער פּאַרטאָג. די ווייזער פון דעם גרויסן זייגער וועקן אויף אַלעמען אין שטוב פון וואַרעמקייט און שטילקייט. ס'איז נאָך מיסטעריעז און אַ שטאַרק ווינטל בלאָזט איבער די גאַסן.

די זון האָט קוים אויפגעהויבן איר פאַרשלאָפענעם קאָפּ. די שטאָט הייבט אָן באַלעבט צו ווערן פון פייערדיקע שטראַלן. אַ נייער פרישער טאָג קומט אָן.

אין גאַס קאָן מען זען די נאַכט-אַרבעטער, וואָס קערן זיך אום אַהיים, און די טאָג-אַרבעטער, וואָס גייען צו דער אַרבעט. זייערע קעפּ זיינען פאַררוקט אין די קאָלנערס פון די מאַנטלען, קעדיי צו פאַרשטעלן זיך פון דעם ווינט.

אַלווינס עלטערן זיינען אויפגעשטאַנען די ערשטע. דערנאָך האָבן זיך אויפגעכאַפּט עלסי און רענע. אָבער דער יינגסטער אַלווין איז נאָך געלעגן אויסגעצויגן אין בעט און געשמאַק געשלאָפן.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך אַלווין אויפגעכאַפּט פון אַ כאָלעם. ער האָט ליב געהאַט זיין מאַמען, ווי די אויגן אין קאָפּ, און ער האָט איר געוואָלט דערציילן זיין כאָלעם.

— מאַמע, ס׳האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך בין אַוועק־געפאָרן קיין שפּאַניע.

ער האָט ניט געענדיקט, ווייל זיין מאַמע האָט אים איבער־געריסן:

— טייער קינד מיינס, דאָס איז בלויז אַ כאָלעם. האָסט פאַר־געסן, זון, אַז מאָרגן פאָרסטו אין דער וועסט.

— יאָ — האָט אַלווין אַ שמייכל געטאָן — טאַקע, איך האָב גאָר פאַרגעסן.

• • •

די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך געזעצט צום טיש עסן פרי־שטיק. אַלע האָבן געלאַכט, אָבער דער צוויי־און־צוואַנציק־יאָריקער אַלווין האָט געציטערט פון זיין טאַקע עמעסן כאָלעם...

מאָרגן! מאָרגן! — האָט געקלונגען אין זיינע אויערן.

אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אין זיין צימער און האָט גע־לייענט ביכער, אָדער געטראַכט. די מאַמע איז אַריינגעקומען צו אים און אים באַרואיקט, אַז ער זאָל זיך ניט ערגערן, וואָס ער האָט פאַרלאָרן זיין „דזשאַב".

— זון, דו וועסט געפינען אַרבעט אין דער וועסט.

— אַוואָדע וועל איך געפינען! — האָט אַלווין געענטפערט.

— זון, דו דאַרפסט גיין זען דיין ליליען אין שפּיטאָל.

אַלווין האָט געכאַפּט זיין מאַנטל און איז אַוועק אין שפּיטאָל. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וועט איר דאַרפן זאָגן, אַז ער מוז מאָרגן פאָרן אין דער וועסט, און איז אַריין אין שפּיטאָל.

ליליען איז געלעגן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט שטיל אַ רוף געטאָן:

— ליליען?

אירע אויגן האָבן זיך צעעפנט מיט פרייד.

— וואָס מאַכסטו, טייערע?

זי האָט ניט געקאָנט רעדן, אָבער זי האָט אַרויסגע־שעפּטשעט:

— בעסער.

אַלווין האָט איר פאַרזיכטיק דערקלערט, אַז ער דאַרף אַוועק־פאָרן אין דער וועסט.

אירע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן און האָבן זיך פּאַמעלעך צוגעמאַכט.

• • •

ער איז אַ טרויעריקער אַרויפגעקומען אין הויז. די פאַמיליע איז געזעסן באַם טיש און האָט געגעסן. אַלווין האָט זיך אויך געזעצט צום טיש. אַלע האָבן אים געפרעגט:

— וואָס מאַכט ליליען?

— בעסער — האָט אַלווין אומזיכער געענטפערט.

— זון, לייג זיך שלאָפן, דו דאַרפסט מאָרגן אויפשטיין פרי — האָט געזאָגט די מאַמע, ווען זי האָט אים דערלאַנגט עסן.

— איך דאַרף נאָך פאַרפּאַקן מיינע זאַכן — האָט אַלווין געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון טיש.

אַלווין האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט און די מאַמע האָט אים וואַרעם איינגעדעקט. זי האָט איר גרויסן זון אַ קוש געגעבן. ער איז פאָרט דאָס יינגסטע קינד.

אַלווין האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער און האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן. ווען די מאַמע איז אַריינ־געקומען זען, צי ער שלאָפט, האָט ער אויף שנעל צוגעמאַכט די אויגן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אַלווין געזען פאַר די אויגן דאָס שלאַכט־פעלד. אָבער ער איז געווען גרייט פאַר אַזאַ שריט.

• • •

די נאַכט איז אַוועק און די זון האָט זיך אויפגעהויבן. אַלווין איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער. דערנאָך איז די מאַמע אויפ־

געשטאַנען און אים געגעבן פּרישטיק. ער האָט ניט געקאָנט עסן, אָבער ער האָט ניט געוואָלט, די מאַמע זאָל זיך ערגערן, און האָט געגעסן.

ס'האָבן זיך דערנאָך אויפגעכאַפּט דער טאַטע, די שוועסטער, קעדיי זיך צו געזעגענען מיט דעם יינגסטן פון הויז.

אַלע האָבן זיך פאַרנומען מיט העלפן אַלווינען.

אַלווין האָט זיך צעקושט מיט אַלעמען און פאַרלאָזן דאָס הויז.

ער האָט ניט געקאָנט אַראָפּגיין פון די שטיגן, ווייל זיינע פיס האָבן געציטערט.

• • •

ער גייט איבער דער גאַס און טראַכט וועגן דער רעדע, וואָס ער האָט נעכטן געהאַלטן פאַר זיינע כאַווירים. ער געדענקט איצט יעדעס וואָרט:

— כאַווירים, דער שפּאַנישער קריג איז דער שטורעם פון אונדזער מאָדערנער צייט. ס'איז אַ קאַמף צווישן דעמאָקראַטיע און פאַשיזם. שפּאַניע, דאָס לאַנד פון הויכע בערג און ברייטע פעלדער, ווערט איצט פאַרזייט מיט אַרבעטער־בלוט. און —

וואָלונטירן פון איבער דער גאַנצער וועלט גייען העלפן באַפרייען דאָס שפּאַנישע פאָלק. אין די טויזנטער גאַנוועגען זיי זיך איבער דער פראַנצויזישער גרענעץ. זיי האָבן דערפילט די געפאַר פון פאַשיזם. אַ סאַך פון זיי זיינען שוין געפאַלן פאַר דער גרויסער אידייע. מיליאָנען אַרבעטער איבער דער גאַנצער וועלט וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זיי וועלן אייביק לעבן, ווי העלדן, אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט.

• • •

ער איז אַרויף אויף דער „עלעווייטעד" און זיך געזעצט בײַם פענצטער. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די מאַמע שרייט:

— זון, בלייב דאָרט ניט לאַנג!

אַלווין שמייכלט:

— מאַמע, מיין וועג פירט איצט ניט אין דער וועסט. ס'איז אַן אַנדערער וועג, מאַמע. שפּאַניע, אין קאַמף פאַר פרייהייט.

ס'איז געווען די „ראָש־אָור" שאַ און מענטשן זיינען גע־שטאַנען קעפּ אויף קעפּ. אַלווין האָט זיך קוים דורכגעשטופּט מיט זיין טשעמאָדאַן, איז אַרויס פון דער באַן און געגאַנגען צו דער שיף.

• • •

אַלווין שטייט אויפן דעק פון דער שיף און זעט, ווי די כוואַליעס רייסן זיך ווילד. ער האָט זיך אויף דער שיף באַקאַנט מיט אַ יונגן מאַן מיטן נאָמען ווילי, וועלכער פאָרט קיין שפּאַניע אַלס פאָטאָגראַפער.

— טראַכסט אוואַדע — זאָגט אַלווין צו ווילין — פאַרוואָס איך האָב פאַרלאָזן מיין היים? צוליבן שפּאַנישן פאָלק.

זיי זיינען צוזאַמען אַראָפּ פון דער שיף און צוזאַמען אָפּ־געפאָרן צו דער שפּאַנישער גרענעץ.

ס'איז ניט לייכט געווען צו קריכן איבער די פּירענייער בערג. אין שפּאַניע האָבן זיי זיך צעשיידט.

• • •

אַלווין האָט אָנגעשריבן אַהיים דעם ערשטן בריוו.

זיינע עלטערן האָבן אים גערופן צוריק, אָבער ער האָט זיי דערקלערט, אַז ער קאָן שפּאַניע ניט פאַרלאָזן.

• • •

עס זיינען אַוועק טעג פון אָנגעשטרענגטן לערנען זיך, ווי צו באַנוצן אַ מאַשין־ביקס. אַלווין האָט זיך געלערנט אוים־געצייכנט. מ'האָט אים אין גיכן אָפּגעשיקט צום פראָנט. ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו צום כאַווער, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט אויף דער שיף, און אים געבעטן, אַז אויב ער וועט ניט קומען צוריק קיין אַמעריקע, זאָל ער אָפּשיקן אַלע זיינע בילדער און בריוו אַהיים.

• • •

אַלווין איז געפאַלן אין דער ערשטער אַטאַקע. זיין כאַווער ווילי האָט גראַד פאָטאָגראַפירט די שלאַכט. ער האָט געזען

זיין כּאוועד אַלווין אויפן שלאַכט־פעלד. ער האָט געזען, ווי אַלווין איז געפאַלן אין די ערשטע רייען...

• • •

ווילי האָט געטאָן אַלץ, וואָס אַלווין האָט אים געבעטן. ער איז צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע אין אַ קורצער צייט אַרום. ער האָט אַריינגעבראַכט אַלווינס זאַכן צו די „פריינט פון דעם לינקאָלן באַטאַליאָן".

ווען די פאַמיליע האָט זיך דערוואוסט וועגן אַלווינס טויט, האָט ווילי באַשלאָסן גיין צו זיי, איבערצוגעבן דעם לעצטן גרוס.

ער האָט זיי דערציילט, אַז אַלווינס לעצטע ווערטער, אין דעם לעצטן בריוו, זיינען געווען:

„אויב איך וועל פאַלן, וועט דאָס זיין פאַר אַ גרויסער אידייע און פאַר מיין פאָלק."

• • •

ליליען האָט זיך דערוואוסט וועגן אַלווינס טויט. זי האָט זיך אָן אומרואיקע אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט פאַר שפּאַניע.

אַלווינס מוטער האָט געגעבן אַ שוואוע, אַז זי וועט פאַרזעצן איר זונס אַרבעט. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון דעם געגנט, וואו איר זון איז געבאָרן געוואָרן.

די מאַמע האָט גערעדט אויפן ערשטן מעמאָריאַל נאָך איר געפאַלענעם זון...




# וואָס ווייסטו?...

● שורלי ערנבערג

אין מיטן דער שלאַכט. אין דער לופט פילט זיך אַ מאָדנע פייכטקייט. דער שווייס פון די סאָלדאַטן פאַרשפּרייט זיך איבער די טרענטשעס. די סאָלדאַטן לעקן זייערע ליפּן. שוין דריי טעג, ווי זיי האָבן גאָרניט געהאַט אין מויל. אַ יונגער סאָלדאַט פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק קוקט אויס דורך אַ לאָך דעם סוינעס פּאָזיציעס.

פלוצלונג האָט מען אַריינגעבראַכט אין טרענטש אַ גרויסן טאָפּ שוואַרצע ברענענדיקע קאַווע. די סאָלדאַטן לויפן צו מיט זייערע בלעכענע קענדלעך. נאָך איידער דער ערשטער האָט גע־

קראַגן אַ טעפּל קאַווע, איז אין טאָפּ אַריינגעשאָסן געוואָרן אַ קאָפּ.

ס'איז געוואָרן שטיל. נאָך אַ לעבן, נאָך אַ האַרץ איז אוים־געגאַנגען אין דעם שווערן קאַמף קעגן דעם פאַשיזם.

איזראַעל האָט דערפילט, ווי טרערן שטיקן אים אין האַלדז. נאָר ער איז שוין געווען גענוג פאַרשטיינערט. וואָלט ער אַזוי געקאָנט זען בלוט מיט צוויי מאַכאַטן צוריק?

ער האָט געקוקט אויפן קאָפּ פון זיין טויטן פריינט. זיי זיינען דאָך ערשט ביידע געפאָרן אויף דער שיף. ביידע זיינען געווען אַזוי פריילעך, ווען זיי האָבן פאַרלאָזן די ברעגן פון אַמעריקע אויפן וועג קיין שפּאַניע.

ער דערמאָנט זיך, ווי זיי האָבן ביידע גערעדט אויף דער שיף וועגן זייערע עלטערן און פריינט. ווי באַב האָט געזאָגט:

— אויב מיר וועלן זיך אַפילו ניט צוריקקערן, ווייסן מיר אָבער, אַז מיר פאָרן קעמפן און געווינען.

זיי זיינען צוזאַמען אָנגעקומען קיין שפּאַניע. ער זעט איצט פאַר זיך דאָס בילד, ווי די שפּאַניער לויפן זיי אַנטקעגן און ווילן זיך באַקענען מיט זייערע באַפרייער. דערנאָך האָבן ביידע דער־זען די פאַרהונגערטע קינדער. זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט און דערפילט, אַז זייער אָנקום קיין שפּאַניע איז געווען ניט אומזיסט... ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן די פרייד און די געשרייען, מיט וועלכע די שפּאַניער האָבן זיי געפירט איבער דער שטאָט; ווי מ'האָט זיי געגעבן עסן.

אַלץ גייט פאַרביי זיינע אויגן, ווי ס'וואָלט אָט איצט געשען:

מ'האָט זיי געגעבן מיליטערישע קליידער. מ'האָט זיי גע־לערנט מיליטערישע דינסט און אין אַ קורצער צייט אַרום אָפּגעשיקט צום פראָנט.

ס'איז געווען באַנאַכט. ס'איז שטיל. אַ גרויסער נעפּל הענגט איבער די טרענטשעס.

מיטאַמאָל דערזעט איזראַעל זיין מוטער, זיין פאָטער און זיין שוועסטער. זיי ווייסן דאָך ניט, אַז ער איז אין שפּאַניע. ער

האָט זיי איינגערעדט, אַז ער פאָרט קיין אייראָפּע אויף אַ לוסט־רייזע. זיין יוניאָן שיקט אים.

זיין שוועסטער סערע ווייס יאָ, וואו ער איז. און זי שרייבט אים, אַז די מאַמע ווייסט נאָך אַלץ פון גאָרנישט. זי גלויבט נאָך אַלץ, אַז איר זון איז אויף דער לוסט־רייזע. אָבער דער טאַטע האָט זיך יאָ דערוואוסט און ער ווינטשט אים אַ סאַך מוט אין דעם קאַמף.

• • •

מוט! מוט! מוט אין קאַמף!

ניטאָ קיין גרעסערער שטוים צום קאַמף ווי די שפּאַנישע קינדער, וואָס זיינען געבליבן אָן מאַמעס, אָן ברויט, אָן מילך און אָן היימען.

אַ קאַלטע ציטערניש איז אַדורך זיין לייב. דאָס צווייטע מאָל, ווי ער ציטערט אַזוי. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען אַ נאַכט פאַר זיין אַפּפאָר. די מאַמע האָט אים געמאַכט אַ געזעגענונג־סימכע. דאָס הויז איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. דער טומל האָט אים אין גאַנצן צעמישט. איזראַעל האָט דער־פילט, ווי עמעצער רייסט אים פאָרן אָרבל און שרייט:

— ספּיטש! ספּיטש!

וואָס זאָל ער זאָגן? ער האָט זיך גאָר פאַרגעסן און געוואָלט זאָגן, אַז ער פרייט זיך, וואָס ער פאָרט קיין שפּאַניע! זיינע אויגן זיינען געפאַלן אויף זיין מוטער און ער איז אַרויס פון זיין כאַלעם. דער קאַלטער ציטער איז דאָס ערשטע מאָל אַדורך דורך זיין לייב. וואָס וואָלט געווען, ווען ער רעדט זיך דעמאָלט אויס?...

מיט די געדאַנקען איז איזראַעל פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

• • •

די צווייטע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין אַ קורצער צייט אַרום.

די לאָיאַליסטן זיינען אַרויס אין אַטאַקע. ווי נאָר די סאָל־דאַטן זיינען אַרויס פון די טרענטשעס, האָבן די פאַשיסטן אָנ־געהויבן געבן פייער פון ביידע זייטן. די וואָלונטירן האָבן זיך

געוואָלט צוריקקערן אין די טרענטשעס, נאָר זיי האָבן ניט געקאָנט. איזראַעל מיט זיינע כאַווערים זיינען געבליבן אין „קיינעמס לאַנד". אַזוי זיינען זיי געלעגן איינגעגראָבענע אין דער ערד איבער צען שאָ. אין מיטן דער נאַכט האָבן זיי אויפגעקליבן די פאַרוואונדעטע און זיינען צוריקגעקראָכן אין די טרענטשעס.

נאָך דער אַטאַקע איז אַ טאָג געווען שטיל. אָבער די שטיל־קייט איז געווען ערגער ווי דאָס שלאָגן זיך. קיין עסן איז ניט געווען. וואַסער האָט געפעלט. איזראַעל האָט געפילט, אַז ער ווערט שוואַכער און שוואַכער, אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען געבראַכט קאַווע. ווי נאָר איזראַעל האָט גענומען אַ זופּ צו די ליפּן, האָט אים אַ שטאַרקע שטעכעניש אַרומגענומען דורכן גאַנצן קערפּער. דער קאָמאַנדיר האָט דערזען, ווי איזראַעל קרימט זיך פון ווייטיק, איז ער צו־געקומען. איזראַעל האָט אים גאָרניט אויסגעזאָגט: קאָלזמאַן ס'איז קריג, טאָר ער ניט קראַנק זיין!

דעם צווייטן טאָג האָט איזראַעל געכאַלעשט און מ'האָט אים אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל. איזראַעל האָט יענעם טאָג פאַרלאָזט די טרענטשעס אויף אייביק.

• • •

ווען איזראַעל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך געפונען אויף אַ ווייכן בעט. אַרום אים זיינען געלעגן נאָך סאָלדאַטן. אין צימער איז געווען טונקל. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, איז באַלד אַ שוועסטער צוגעקומען צו אים און געזאָגט, אַז ער מוז רוען און זיין שטיל.

אַ גרויסע פריינטשאַפט איז פון יענער מינוט אויסגעוואַקסן צווישן אים און דער שוועסטער. איר נאָמען איז געווען מערי.

• • •

איזראַעל איז געלעגן אין שפּיטאָל. אָבער אין זיין היים איז געווען כוישעך.

די מאַמע האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז אין שפּאַניע. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעבראָכענע און האָט געהאַלטן אין איין וויינען. און איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס ס'איז פאַר־

געקומען, ווען די פאַמיליע האָט געלייענט אין „דיילי וואָירקער“, אַז איזראַעל איז טויט.

ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַן אַנדער וואָלונטיר מיטן זעלביקן פאַמיליע־נאָמען.

• • •

ווי נאָר איזרעאַל האָט געקאָנט אַרויסגיין פון בעט, האָט ער זיך איבערגעגעבן אַ נייער אַרבעט. ער האָט צונויפגעקליבן די היימלאָזע קינדער, זיך געשפּילט מיט זיי, זיי געלערנט. די קינדער האָבן געגעסן און זיינען געשלאָפן אין שפּיטאָל.

אין אָוונט, ווען די קינדער פלעגן שוין שלאָפן, פלעגט איזראַעל ווידער איבערלעבן דעם שווידער פון דער מילכאָמע. ער פלעגט זיך צוקוקן, ווי מ׳נעמט אַראָפּ באַנדאַזשן פון טויטע, מען וואַשט זיי אויס און מען נוצט זיי ווידער פאַר די פאַרוואונדעטע.

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער איז אַמאָל געלעגן אין ניו יאָרק אין אַ שפּיטאָל. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך!

• • •

איזראַעל פאָרט אַהיים.

ווען ער האָט דערזען די היגע ברעגן, האָט ער געוואָלט וויינען, נאָר ער האָט ניט געקאָנט.

ער איז שטיל אַראָפּ פון דער שיף. די מאַמע איז אים געלאָפן אַנטקעגן מיט טרערן אין די אויגן. ער האָט זי אַרומגענומען און געזאָגט:

— וואָס וויינסטו? אָט איז איין פוס, אָט איז נאָך אַ פוס, און אָט זיינען די הענט!...



# ביז דער סוינע וועט פאַלן...

● ריפקע פּאָראָלסקי

מעקי איז געווען אומרואיק. ער האָט מיט אַ ביטערן שמייכל אַ געשריי געטאָן:

— דערלאַנג דעם שנאַפּס, אַז ניט וועל איך אַרויסשלעפּן אַלע האָר פון דיין נאָז!

אַ געלעכטערל האָט זיך דערהערט פון אַ ווינקל. מעקי האָט זיך אויסגעדרייט און מיט ווילדקייט געוואָלט עפּעס אַ שליידער טאָן אויף דעם, וואָס האָט געלאַכט.

זיינע צוויי כאַווײרים האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין זיין אויסברוך. מעקי איז געווען אַ „פּערפעקטער מענטש" אין די אויגן פון זיינע כאַווײרים. ער האָט אַלעמאָל געוואוסט ווען צו

נעמען אַ וואָרט און וואָס צו זאָגן; ווי עפּעס צו דערציילן און ווי אַזוי צו האַנדלען מיט מענטשן.

רעד און רובי האָבן אָנגעכאַפּט מעקין פאַר די אַקסלען און אים צוגעשלעפּט צום שטול. זיי האָבן אַ געשריי געטאָן צום „ווייטער", ער זאָל דערלאַנגען שנאַפּס.

דער „ווייטער" איז געווען אַ קליינער, דאַרער איטאַליענער. ער האָט געקענט די מעשוגאַסן פון אַלע סאָלדאַטן, און פלעגט אַ פאַרשלאָפענער דערלאַנגען צום טיש. כעוורע האָבן געגעסן און געטרונקען, ביז די פלעשלעך זיינען געוואָרן ליידיק. רעד און רובי האָבן געקוקט אויף מעקין מיט פאַרזשמורעטע אויגן און ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז באַלד, באַלד וועט ער פאַרשווינדן, ווי דער שנאַפּס...

מעקי האָט פּלוצלונג אַ ציטער געטאָן און זיך שטיל צע־וויינט. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרונטערגעשליידערט די גלעזער און פלעשער פון טיש:

— אַזוי באַהאַנדלט מען מענטשן? פאַרוואָס האָט מיך גאָט אַזוי געשטראָפט?! פאַרוואָס בין איך געבאָרן געוואָרן אַ זון פון אַ מערדער?! איך וועל אַנטלויפן, וועל איך! כ'וועל אויס־געפינען, ווער ס'איז שולדיק!

באַ די ווערטער האָט ער צוזאַמענגעבראָכן.

רעד האָט אַן איבערראַשטער געפּרוּווט עפּעס זאָגן, אָבער ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפענעם מויל. רובי, דער „פאָטער" פון די צוויי סאָלדאַטן, איז געבליבן ווי אַ פאַראַליזירטער אויפן שטול. זיי האָבןביידע גאָרניט געזאָגט, נאָר געקוקט אויף מעקין, ווי דערשראָקענע קינדער. רעד האָט איבערגעהאַקט די שטיל־קייט מיט אַ שווערן זיפץ און, ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָ זיצט אַן אַלטע אַלמאָנע שיווע נאָך איר מאַן.

רעד איז אויך געווען אַ יונגער באָכער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער היים, קעדיי די מאַמע זאָל האָבן מיט אַ מויל ווייניקער צו געבן עסן. ער איז געזעסן אַ בלאַסער און געקוקט אויף מעקין.

— באַצאָל וויפיל עס קומט, און לאָמיר אים אָפּפירן אין באַראַק — האָט געזאָגט רובי — ער האָט אוואָדע געקראָגן

שלעכטע נייעס פון דער היים. ווי געפעלט דיר זיין געשריי: „כ׳בין אַ זון פון אַ מערדער!״

— זיי שטיל! ווען אַ מענטש איז שיקער, זאָגט ער וואָס עס ליגט אים אויפן צונג. ער האָט אוודע געלייענט אַ מייסע וועגן אַ מאָרד.

• • •

דער באַראַק איז געווען אַ לאַנג, שמאָל צימער, ווי אַ קאָרי־דאָר פון אַ שפּיטאָל, מיט צוויי רייען בעטן. צו פוסנס זיינען געלעגן טונקעלע קאָלדרעס, וואָס פלעגן זעלטן גענוצט ווערן, ווייל אין אַזאַ הייסן לאַנד, ווי פּאַנאַמאַ, קאָן מען זיך באַגיין אָן זיי. לעבן די בעטן זיינען געשטאַנען קליינע טישלעך, אויף וועלכע די סאָלדאַטן האָבן געהאַלטן זייערע זאַכן. אויף יעדע זיבן פוס איז געהאַנגען אַ טונקל לעמפּל. כעוורע זיינען געזעסן אויף הילצערנע קעסטלעך און געשפּילט אין קאָרטן. אַנדערע זיינען געלעגן אויף די בעטן מיט די פיס אין דער לופטן.

רעד און רובי האָבן אַריינגעפירט מעקין און אים אַנידער־געלייגט אויף זיין בעט. מעקי איז באַלד איינגעשלאָפן אַ גע־האַרגעטער. דער זייגער פון קירך האָט געקלונגען צען און דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

רובי האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן און האָט אַלץ געטראַכט וועגן מעקים אויסברוך. ער האָט פּלוצלונג דערהערט, ווי מעקי קרעכצט. ער איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט דערזען, אַז מעקי שוויצט, דרייט זיך און קאָן ניט איינליגן אויף איין אָרט. ער איז צוגעגאַנגען צום וועכטער און אים געזאָגט, אַז מעקי איז קראַנק געוואָרן און האָט היץ. דער וועכטער האָט גערופן דעם דאָקטער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין מעקי געלעגן אין דעם שפּיטאָל פון באַראַק.

• • •

אין דער פרי האָט זיך מעקי אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענער. ער האָט גענומען רופן זיינע פריינט. ער איז געוואָרן אַזוי היסטעריש, אַז רעד און רובי האָבן געמוזט אַריינקומען צו אים. ווען ער האָט זיי דערזען, איז ער געוואָרן בלייך.

— דאַרפסט זיך אויסרוען — האָט רובי געזאָגט — דאַרפסט נעמען דעם עקזאַמען אין פליען.

מעקי איז שטיל געוואָרן און דערנאָך געזאָגט:

— איר ווילט אַוודע וויסן, וואָס ס׳איז נעכטן געשען מיט מיר? איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון מיינע עלטערן אין דייטשלאַנד. אַ לאַנגע מייסע צו דערציילן. מיין פאָטער איז אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. מען באַשולדיקט אים, אַז ער האָט דערהאַרגעט אַ נאַצי. מיין מוטער איז פאַרשוואונדן. נו, פרעג איך אייך: וואָס זאָל איך טאָן? איך ווער מעשוגע, טראַכטנדיק וועגן דעם!

• • •

מעקי האָט אָנגעהויבן טראַכטן, ווי נעקאָמע צו נעמען אין די, וואָס האָבן אומגעבראַכט זיינע עלטערן. אָבער ווי אַזוי? ער האָט אָנגעהויבן ווערן היסטעריש. ס׳פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז ער זעט, ווי מען פייניקט זיין טאַטן, זיין מאַמען... ער ליגט און קוקט אויף דער הוילער וואַנט. אַ ווינט רוישט אין זיינע אויערן. ער גיט זיך אַ ריס פון בעט, נאָר ער דערזעט, אַז לעבן אים שטייט דער דאָקטער און באַרואיקט אים.

מעקי קוקט זיך אַרום. עס נעמט אים שווינדלען פאַר די אויגן. די בעטן דרייען זיך אַרום. ער גיט אַ געשריי:

— העלפט! ראַטעוועט!...

• • •

מעקי איז אַרויס פון שפּיטאָל. אָבער ער האָט נאָך געדאַרפט קומען צו זיך. ווען ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, זיינען די כאַווייריםגעזעסן מיט אים און האָבן געשמועסט. זיי פלעגן דיסקוטירן און אַנאַליזירן די וועלט־געשעענישן. זיי פלעגן דאָס ביז מעקיס קראַנקהייט קיינמאָל ניט טאָן.

מעקי האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין אַן אַנטי־פאַשיסטישער גרופּע. ער איז געוואָרן אַזוי אַקטיוו, אַז מ׳האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרמיי. ער האָט דערנאָך געמאַכט נאָך אַ טראָט פאָרויס און זיך אָנגעשלאָסן אַלס וואָלונטיר אין די רייען פון דער שפּאַנישער לאָיאַליסטישער אַרמיי.

רעד און רובי האָבן זיך באַ אים געבעטן, ער זאָל עס ניט טאָן. ער וועט נאָך דערהאַרגעט ווערן. וואָס וועט ער דערפון געווינען? אָבער אויף אַלע פראַגעס פלעגט ער זיי ענטפערן:

— ווי אַ ייד און אַן אַנטי־פאַשיסט זע איך ניט קיין אַנדערן וועג, ווי דערוואָרגן דעם פאַשיזם אין שפאַניע. זעט, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט מיינע עלטערן! לייענט, ווי מען דערהאַרגעט קינדער, מאַמעס אין שפאַניע! פאַרוואָס? ! די פאַשיסטן זיינען באַרבאַרן, וואָס ווילן פאַרניכטן די וועלט!

דער סאָף איז געווען, אַז אויך רעד און רובי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַלס וואָלונטירן צו קעמפן קעגן דעם פאַשיזם אין שפאַניע.

די דריי אַנטי־פאַשיסטן זיינען אַוועקגעפאָרן קיין ניו יאָרק. מעקי און רובי זיינען געווען יידן, רעד איז געווען אַ נעגער. זיי זיינען געווען גליקלעך, וואָס זיי פאַרלאָזן פאַנאַמאַ, און אויף דער שיף האָבן זיי גערעדט וועגן שפאַניע און באַשלאָסן, אַז גלייך ווי זיי קומען אין ניו יאָרק, פאָרן זיי אָפּ קיין שפאַניע.

אָבער אין ניו יאָרק האָבן זיי געהאַט שוועריקייטן. ערשטנס איז זיי שווער געווען צו קריגן פּאַספּאָרטן, און קיין געלט האָבן זיי אויך ניט געהאַט. אָבער דאָס באַוואוסטזיין, אַז זיי פאָרן העלפן אַ פאָלק, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן געניסן פון דער פרייהייט, האָט באַזיגט אַלע שוועריקייטן.

• • •

די טעג אויף דער שיף זיינען געווען אומעטיקע. די נעכט — שלאָפלאָזע, און די רייזע איז געווען אַ שווערע.

ווען די שיף איז נאָר אָנגעקומען קיין פראַנקרייך, האָט מעקי ווידער אָנגעהויבן שמייכלען. זיין פּאָנעם איז געוואָרן ליכטיק און זיין קערפּער — פריש. זיין מוט איז געוואַקסן.

מעקי האָט אָפּגעמאַכט מיט זיינע כאַווירים, אַז זיי וועלן קעמפן אין שפאַניע זייט באַ זייט. דעם אָפּמאַך האָט קיינער פון זיי ניט אונטערגעשריבן, ווייל פאַר אַ וואָרט האָבן זיי געהאַט מער רעספּעקט ווי פאַר אַ שטיקל פּאַפּיר.

שפּאַנענדיק איבער די זאַמדיקע וועגן, זיינען די דריי פריינט

געגאַנגען צו דעם שפּאַנישן גרענעץ. זיי האָבן געדאַרפט זיך היטן. ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל, אַכט מייל פון דעם גרענעץ, האָבן זיי מיטאַמאָל דערזען סאָלדאַטן. וואָס זאָלן זיי טאָן? אַנטלויפן, אָדער בלייבן רואיק? און אַז מ׳וועט זיי שטעלן פראַגעס, וואָס וועלן זיי ענטפערן?

מיטאַמאָל האָבן זיי אָנגעפאַנגען לויפן. פאַרוואָס — ווייסן זיי ניט, אָבער געלאָפן זיינען זיי. עטלעכע מאָל האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי הערן הינטער זיך די טריט און געשרייען פון הונדערטער מענטשן. זיי האָבן זיך אַריינגעכאַפּט דורך אַ שמאָלער טיר אין אַ קעלער. זיי זיינען אָפּגעלעגן אין קעלער דריי טעג און דריי נעכט אָן וואַסער און אָן עסן.

אויפן פערטן טאָג האָבן זיי באַשלאָסן פאַרלאָזן איינציקווייז דאָס שטעטל.

• • •

מעקי האָט פאַרלאָרן זיינע פריינט. ער גאַנוועט זיך אַליין צו דער שפּאַנישער גרענעץ. ס׳איז אַ קאַלטע נאַכט און עס שנייט. וואָס זאָל ער טאָן? ער איז מיד און ליגט באַהאַלטן לעבן אַ בוים. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט פון ווייטנס אַ גערודער. ער האָט דערזען אַ טראָק. אָפּשטעלן דעם טראָק? טאָמער זיינען דאָרט פראַנצויזישע סאָלדאַטן, וואָס זוכן אים אָדער אַזעלכע ווי ער?

דער טראָק איז אַוועק. מעקי טראַכט, אַז ער איז אַ פאַר־לאָרענער. ער האָט אָנגעהויבן טאַנצן לעבן בוים, קעדיי זיך צו דערוואַרעמען. ער האָט זיך דערנאָך אַוועקגעלייגט אויף אַ שטיין און איז איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך שפּעטער אויפגעכאַפּט, האָט ער דערזען אַ וואַרעמען, רויטן פייער לעבן זיינע פיס. באַם פייער האָט ער דערזען די פיגור פון אַ מאַן. ער האָט זיך שטילערהייט אויפ־געהויבן. דער פאַרשוין האָט אַ לאַך געטאָן:

— דו ביסט איינער פון די, וואָס קומען קיין שפּאַניע זוכן אַוואַנטורעס. ס׳איז מילכאָמע אין שפּאַניע. מען דערהאַרגעט פרויען, קינדער. פרויען ווערן אַלמאָנעס. קינדער בלייבן היים־

לאָז. איי, יונגערמאַן, פאַר בעסער אַהיים. דיין פּלאַץ איז ניט אין שפּאַניע.

מעקי האָט אַריינגעקוקט דעם פּאַרשוין אין די אויגן אַריין. ער איז געווען אַ דאַרער, אַ טונקעלער מיט שוואַרצע אויגן. זיין קאָפּ איז געווען פאַרבונדן מיט אַ פּאַטשיילע. זיינע האָר זיינען געווען לאַנג און ווייס. זיינע אויגן האָבן געברענט מיט קאַס.

זיי האָבן ביידע זייער ווייניק גערעדט. דער פּאַרשוין איז געווען אַ שמוגלער און האָט געוואוסט אַלע וועגן איבער די בערג.

זיי זיינען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג זיינען ביידע אָנגעקומען אין אַ שטאָט, און מעקי האָט זיך געזעגנט מיט זיין נייעם „פריינט“.

• • •

אַזוי גיך ווי מעקי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי, האָט מען גלייך אויסגעפונען, אַז ער ווייס ווי צו האַלטן אַ ביקס. מ'האָט מעקין באַשטימט פאַר אַן אינסטרוקטאָר. ער האָט געדאַרפט לערנען די סאָלדאַטן, וואָס זיינען איצט אַריין אין דער אַרמיי. מעקי פלעגט אויפשטיין זעקס אַזייגער פאַרטאָג. ער האָט זיך באַפריינדט מיט די איינוואוינער פון דער שטאָט. ער פלעגט זיך שפּילן מיט די קינדער און זינגען פאַר זיי.

אויף דער צווייטער וואָך האָט מען אים אָפּגעשיקט צום פראָנט.

אויפן וועג צום פראָנט זיינען אויף זיי אָנגעפאַלן עראָפּלאַנען. די סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד. באָמבעס זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. מעקי האָט פאַרגראָבן זיינע פינגער אין דער פרישער ערד. מיטאַמאָל האָט ער דערזען, ווי אַ סאָלדאַט קריכט צו אים. אַ פאַרוואונדעטער, האָט מעקי געטראַכט. ער איז צוגעלאָפן צום פאַרוואונדעטן און איז געבליבן אַן איבערראַשטער שטיין לעבן זיין קערפּער. ער האָט דערקענט זיין פריינט רעד. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. רעד איז אויסגעגאַנגען, ניט האָבנדיק גענוצט זיין ביקס.

מעקי איז אָנגעקומען אויפן פראָנט. ער האָט דאָרט גע־טראָפן רובין און ביידע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט.

• • •

מ'האָט אָנגעהויבן אַן אַטאַקע. מעקי לויפט אין די ערשטע רייען. דער זאַמד קריכט אין נאָז, אין די אויגן, נאָר מען לויפט. מעקי ליגט און שיסט. פון אַלע זייטן ליגן שוין פאַרוואונדעטע. טויטע. מעקי טרעט ניט אָפּ.

ווען דאָס פייער פון דעם סוינע האָט זיך איינגעשטילט, האָט מעקי זיך אַרומגעקוקט. ער זוכט עמעצן. ווייט איבערן פעלד דערזעט ער רובין. טרערן לויפן אַן אין זיינע אויגן. די לעצטע צוויי יאָר איז רובי געווען אַ פאָטער, אַ ברודער, אַ מוטער... און איצט ליגט ער אויפן פעלד.

מעקי האָט אָנגעהויבן לעבן אין די וויטערדיקע שלאַכטן, וויל:

„כ'האָב דערהערט דאָס ליד פון מיינע ברידער,
דאָס נייע ליד, דאָס נייע ליד:
נאָ, נאָ, נאָ פּאַסאַראַן!"



# אויב מיין טויט וועט ברענגען פרידן

● אידע קרוט

אלווין איז געווען באַליבט באַ זיינע פריינט און באַ אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. זיין פרייליכקייט, זיין פּערזענ־לעכער מאַגנעטיזם, זיין איבערגעגעבנקייט צו די, וואָס ליידן, זיין גרייטקייט צו העלפן — האָבן צוגעצויגן צו אים מענטשן.

דערפאַר טאַקע האָבן אים אַלע אָפּגערעדט, ער זאָל ניט פאָרן קיין שפּאַניע. מ׳האָט געציטערט איבער אים, עס זאָל אים כאָלילע עפּעס ניט טרעפן — ווער ווייס וואָס?...

ער האָט אָבער אַליין געגעבן דעם ענטפער:
ער פאָרט קיין שפּאַניע!

ווייל ער זעט, ווי דער פאשיזם רוקט זיך אלץ נעענטער איבער דער וועלט און דער מענטשהייט!

• • •

עס זיינען אוועק וואכן אן בריוו. אז ס'איז שוין יא אנגעקומען א בריוו, האט אים דאס ערשטע אינטערעסירט, וואס הערט זיך אין דער ארגאניזאציע; ווי ארבעט זיין יינגערער ברודער, וועלכן ער האט ארויסגערוקט אויף זיין ארט פארן אפפארן קיין שפאניע? און ווי איז זיין פאטער אקטיוו אין דער פארטיי?

צו דער מאמען האט ער געשריבן:

„מיין טייערע מאמע:

איך ווייס ניט גענוי וואס צו שרייבן. כ'האב די גאנצע צייט געוואלט שרייבן צו דיר. איך האב אנגעשריבן עטלעכע בריוו און זיי שפעטער צעריסן. ניין, מאמע, איצט איז שוין צו שפעט צו שרייען אויף מיר. עס טוט מיך זייער וויי, וואס דו ביסט קראנק. און איך בעט דיך זייער, מאמע, זארג זיך ניט וועגן מיר. עס וועט דערפון ניט ארויסקומען קיין גוטס ניט פאר מיר און ניט פאר דיר. עס וועט נאר מאכן שווערער פאר אונדז ביידן. איך האב ניט דערוואַרט, אז דו זאלסט מיר גלויבן, אז איך פאר אין דער וועסט. אבער איצט ווייסטו שוין, אז איך בין אין שפאניע. נאר ביז דו וועסט זיך ארומזען, וועל איך שוין זיין צוריק אין דער היים.

מעגלעך, אז נאך דעם, ווי אלץ וועט זיין אריבער, וועל איך פארן אויף וואקאציע אין סאוועטן־פארבאנד. אזוי אז דו קאנסט מיך דערווארטן אין אן אכט מאנאטן ארום. דו האסט מיך געפרעגט, צי איך וויל עפעס האבן. יא, אויב מעגלעך, שיק מיר פאפיראסן.

יא, מאמע, איך בין געזונט. גיב דו אכטונג אויף זיך. און איך בעט דיך זייער, ניט זארגן זיך וועגן מיר.

גיב איבער אלעמען מיינע הארציקסטע גרוסן.

מיט ליבע,

דיין זון אלווין."

ער האָט אויך געשריבן צו זיין ברודער, אַז ער איז אַריין אין דער אינפאַנטעריע. און זאָל ער דאָס ניט דערציילן דער מוטער, ווייל ס'וועט איר ווי טאָן.

ער האָט, ווי אַ גוטער זון, ניט געוואָלט פאַרשאַפן דער מוטער מער ווייטיק. זיין ברודער האָט אים געשריבן, אַז די מאַמע האָט זיך אַזוי צעערגערט, אַז זי איז געלעגן ערנסט קראַנק.

אין אַ צווייטן בריוו דערציילט ער זיין ברודער, אַז מ'האָט אים געגעבן אַ מאַשין־ביקס און זיין געהילף איז אוירווינג האַלפּערן, זיינער אַ קוזין. ער האָט אים אויך דערציילט מיט פרייד, אַז ער האָט געהערט, אַז אין דער צווייטער קאָמפּאַניע געפינט זיך איינער יאָזעף פּאַסטערנאַק פון טשעכאָסלאָוואַקיע. ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן און מ'האָט אים אָראָפּגענומען אַ פוס. „איך וועל אים גיין זען, ווייל איך גלויב, אַז ער איז אונדזערער אַ קאָרעוו."

„איך בין צופרידן, וואָס אין אונדזער פאַמיליע זיינען פאַראַן נאָך מענטשן, וואָס טראַכטן ווי איך. און ניט נאָר אין אונדזער פאַמיליע — עס זיינען געקומען העלפן שפּאַניע וואָלונטירן פון פאַרשיידענע לענדער, קעדיי צו פאַרמיידן, אַז אויך אין זייערע לענדער זאָל די פאַשיסטישע כייע ניט אויפהייבן דעם קאָפּ." — מיט די ווערטער פאַרענדיקט אַלווין זיין בריוו.

צום טאַטן האָט אַלווין געשריבן:

„געדענקסט, פּאַפּאַ, ווי מיר האָבן אַמאָל געשמועסט וועגן צוויי לענדער, פאַר וואָס זיי שיקן ניט שפּאַניע קיין הילף. נו, קאָן איך דיר שרייבן, אַז ווען ניט די צוויי לענדער, און ספּעציעל איין לאַנד, וואָלט שוין פון דער לאַיאַליסטישער שפּאַניע קיין סימען ניט געבליבן.

„מיר האָבן דאָ געזען לאַ פּאַסיאָנאַריאַ. זי איז אַ פרוי, וואָס אַלע האָבן זי ליב ווי אַן אייגענע מאַמע. די שפּאַניער און מיר אַלע האַלטן זיך גרויס מיט אַזאַ מאַמען."

• • •

אַ שפּעטערדיקער בריוו צו זיין ברודער דערציילט:

„מיר זיינען 25 קילאָמעטער פון פראָנט. די לעצטע פאַר

טעג זיינען מיר געפאָרן באַטאָג און באַנאַכט. מיר זיינען שמוציק געוואָרן ווי כאַזיירים. . איך וואָלט שוין געוואָלט זיין אויפן פראָנט.

„אַ פאַשיסטישער עראָפּלאַן האָט אַרונטערגעוואָרפן צוויי באָמבעס ניט ווייט פון אונדז, נאָר אונדזערע עראָפּלאַנען האָבן זיך אויפגעהויבן און אים באַלד פאַריאָגט.“

• • •

זיי האָבן זיך ביידע געטראָפן בא די טויערן פון הימל: איינער אין אַ סאָלדאַטישן אוניפאָרם און דער צווייטער — ציוויל אָנגעטאָן. זיי האָבן זיך ביידע באַטראַכט און זיך באַגריסט מיט אַ שמייכל. ביידע האָבן דערפילט, אַז זיי געהערן זיך אָן.

— העלאָ — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט צום ציווילן — מיר דאַכט זיך, אַז מיר זיינען ביידע אויף דער זעלביקער שיף.

— יאָ, אַזוי ווייזט אויס — האָט דער ציווילער געענטפערט.

ביידע זיינען ווידער שטיל געוואָרן.

רופט זיך אָפּ דער סאָלדאַט:

— דו ווייסט, היינט איז ניי־יאָר און עס דאַרף הערשן פרידן אויף דער וועלט.

— יאָ — ענטפערט דער ציווילער — דאָ ווייס מען אויך וועגן דעם, נאָר איך זע ניט, אַז זיי זאָלן עפּעס טאָן וועגן דעם.

דער סאָלדאַט כאַפּט זיך אָן:

— וואָס קאָנסטו דערוואַרטן? זיי זיינען דאָ אויך אַזוי צעטיילט, ווי דאָרטן אויף דער ערד. עפּשער, אַז מיר וועלן זיין מיט זיי לאַנג, וועלן מיר עס קאָנען ענדערן. אַן איטאַליענישע קויל האָט מיך אַוועקגעשיקט אַהער דעם 13טן אָקטאָבער. מיין נאָמען איז אַלווין פאַסטערנאַק. איך בין געווען אַן אַמעריקאַנער. לעצטן יולי בין איך ערשט אַלט געווען 23 יאָר. אַ מאָנאַט פאַר מיין געבורטסטאָג בין איך אַוועק קיין שפּאַניע, צו העלפן קעמפן קעגן די מוטער־ און קינדער־מערדער.

— און איך — רופט זיך אָן דער ציווילער — איך בין דאָ נאָר עטלעכע טעג. פון קריסטמעס־נאַכט אָן. מיין נאָמען איז כואַן פערנאַנדאָ. קריסטמעס־נאַכט איז געווען מיין 25־יאָריקער

געבורטסטאָג. איך בין געזעסן מיט מיין ווייב און מיט מיין 3-יאָריקן קינד. אַ קויל איז אַריין אין הויז און האָט אונדז אַלע אָפּגעשיקט אַהער. איך זוך זיי איצט אַרום.

ס׳הערט זיך אַ פּלוצלונגדיקער טומל בײַ די טויערן פון הימל.

— הערסט, וואָס דאָרטן טוט זיך? שוין לאַנגע וואָכן קומט דאָרט פאַר אַ קריג — זאָגט דער סאָלדאַט.

פּלוצלונג דערהערט זיך אַ שטים:

— אַלווין פּאַסטערנאַק מוז אַריינגעלאָזן ווערן! ער איז ניט געפאָרן קיין שפּאַניע צוליב זיין אייגענעם נוצן. ער איז געפאָרן העלפן אַ פאָלק, ווייט פון זיין פאָטערלאַנד. ער איז געווען אַ מוסטערהאַפטער קעמפער. ער האָט געקעמפט קעגן די פאַשיסטישע מערדער.

אַ צווייטע שטים שרייט:

— מיר טאָרן אים ניט אַריינלאָזן! ער איז אַנטלאָפן פון זיין פאָטער און מוטער! ער האָט זיי איבערגעלאָזט מיט צעבראָכענע הערצער.

— ניט עמעס! — שרייט די ערשטע שטים — דער טאַטע האָט גערעדט אויפן מעמאָריאַל-מיטינג נאָך זיין זון און געזאָגט: „מיין זון אַלווין האָט זיך געשלאָגן פאַר גערעכטיקייט. איך וועל פאָרזעצן דעם קאַמף, וואָס מיין זון האָט אָנגעהויבן.“ און זיין מוטער האָט געזאָגט: „נאָך מיין זון וועט ניט בלייבן קיין מאָנומענט פון שטיין, נאָר אַן ענערגישע אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט דורכפירן זיין אַרבעט! מיר מעגן זיין שטאָלץ מיט אַזאַ פאַמיליע.

דער סאָלדאַט מיטן ציווילן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און דער סאָלדאַט האָט דערנאָך זיך אָנגערופן:

— מיר האָבן דאָ דעם זעלביקן סוינע. אויב מיין טויט האָט געבראַכט נוצן, בין איך צופרידן.

— איך זע, אַז דו ביסט גערעכט — רופט זיך אָן דער ציווילער — עפּשער וועט אונדזער טויט ברענגען דעם לאַנג-דערוואַרטן פרידן.

אַ טומל האָט זיך דערטראָגן פֿון דער ערד און אַ שטאַרק ליכט האָט זיך צעשפּרייט איבערן הימל.

— מען פֿייערט נײַ־יאָר! — זאָגט דער ציווילער.

— יאָ — זאָגט דער סאָלדאַט — אָבער אויף פֿאַרשיידענע אויפֿאַנים. זעסט דאָרט די פֿאַרשיידענע קאָלירן? דאָס איז אַמעריקע. אויף בראָדוויי טרובעט מען, מען טאַנצט און מען שיקערט. און דאָרט — זעסטו? די, וואָס גייען מיט פֿאַקלען און צינדן בערג מיט ביכער? דאָס זײַנען די ווילדע באַרבאַרן, די נאַצים, וואָס ווילן פֿאַרניכטן די ציוויליזירטע וועלט. און ווייטער — אונטן זעסטו די שרעקלעכע פֿײַערן? דאָס איז דײַן לאַנד שפּאַניע! און ווײַט דאָרט איז כינע, וואו זייערע „קרויווים" די יאַפּאַנעזער שטופּן זיי „קולטור" מיט געוואַלט. מיר וועלן דאָ טרעפֿן אַ סאַך פֿון זייערע פֿרויען און קינדער. איצט קוק אַהין — דו זעסט? דאָרט גייט מען אויך מיט פֿאַקלען, דאָרט טאַנצט מען אויך. אָבער מיט אַ נאַטירלעכער פֿרייד, וואָס קומט פֿון האַרצן... דאָרט זײַנען אַלע אייניק און זיי טיילן זיך מיט אַלץ, וואָס זיי שאַפֿן. זיי וועלן ניט לאָזן קיין סוינע אַרײַנדרינגען אין זייער לאַנד. מיט זייער הילף וועלן מיר פּאַטער ווערן אויף אייביק פֿון די צאָרעס...

אַ טיפֿער זיפֿץ האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון דעם ציווילן כוואַן פֿערנאַנדאָס האַרצן און מיט גרויס אינטערעס און האָפֿענונג האָבן זיי ביידע אַראָפּגעקוקט אונטן, צו יענעם פּונקט...



# געוואַרט אויף דער 3טער שלאַכט

● שוירלי גרינבערג

דער שפּיטאָל איז שטיל און ווים. מיסטער פייגינס זיצט אויף אַ בענקל אין פּאָדערצימער און וואַרט. ער איז געוואָרן נערוועז און האָט געקוקט אויף זיין זייגער. ווען ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז פאַרביי אַ שאָ, האָט ער ווידער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. ער האָט צו זיין איבערראַשונג דערזען, אַז עס זיינען אַריבער בלויז פופצן מינוט. ער האָט אַ האַרציקן זיפץ געטאָן, און געטראַכט דערביי, אַז די ווייזער אויף זיין זייגער קריכן.

ער האָט ניט געקאָנט איינזיצן. ער האָט ניט געקאָנט בייסן די נעגל, ווייל ער האָט זיי שוין אָפּגעביסן פריער.

ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל אין שפּיטאָל, אַז פּייגינס האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון בענקל און געוואָלט עפּעס טאָן אָדער ערגעץ גיין, נאָר אַ „נוירס" איז צוגעקומען צו אים מיט אַ שמייכל:

— מאַזל טאָוו, מיסטער פּייגינס! איר זייט אַ פאָטער פון אַ שיינעם באָכער.

פּייגינס איז געוואָרן געוואָלטיק דערפרייט. פון גליק האָט זיך אים דאָס מויל פאַרמאַכט, אַז ער האָט ניט געקאָנט זיך פרעגן אויף זיין ווייב. אָבער די קלוגע און דערפאַרענע נוירס האָט אים פאַרזיכערט, אַז מרס. פּייגינס וועט זיין געזונט.

• • •

פון די מינוטן, וואָס זיינען ערשט אַזוי פּאַמעלעך געקראָכן, זיינען שנעל געוואָרן שאָען; פון די שאָען — טעג, און פון די טעג — יאָרן, ביז עס זיינען פאַרבייגעפלויגן זיבעצן יאָר.

• • •

דער אוידיטאָריום פון דער מיטלשול איז געפּאַקט מיט מענטשן. אין מיטן זיינען געזעסן מיסטער און מיסעס פּייגינס. זיי זיינען גליקלעך. זייער זון גראַדואירט. און ער האָט געקראָגן דעם קאָוועד צו האַלטן די געזעגענונג-רעדע אין נאָמען פון די גראַדואַנטן.

ווען אירוווינג איז אַרויף אויף דער בינע, האָבן אַלע מענטשן אָנגעהויבן זיך שושקען. באַלד איז אין זאַל געוואָרן שטיל. מיסטער און מיסעס פּייגינס זיינען געזעסן אויף די ברעגן פון זייערע בענקלעך... זייערע פּענעמער זיינען געווען אַזוי רויט, ווי אירווינגס פּאָנעם איז געווען ווייס...

אירווינג האָט אָנגעהויבן צו רעדן. ער האָט געהאַלטן אַ פראַכטפולע רעדע קעגן מילכאָמע. אין מיטן דער רעדע האָט אַ קליין קינד אַ קוויטש געטאָן הינטער די פּייגינס. מיסעס פּייגינס האָט זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער פון דעם קינד מיט אַזאַ פּאָר אויגן, אַז יענע האָט זיך פאַרשעמט און איז געוואָרן רויט, ווי די קאַרשן אויף איר היטעלע...

נאָך דער רעדע זיינען די פּייגינס נאָך מער שטאָלץ געווען

מיט זייער זון. בײַ מיסעס פֿיגינס זיינען גליקלעכע טרערן געשטאַנען אין די אויגן.

אין אָוונט האָבן די עלטערן גערעדט מיט זייער זון וועגן זיינע פּלענער אויף ווייטער. זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט אַריינטרעטן אין סיטי קאָלעדזש.

• • •

אוירווינג האָט יענע נאַכט ניט געקאָנט איינשלאָפֿן. ער האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן זיין גראַדואירונג, וועגן זיין רעדע. ער איז נאָך בײַ זיך ניט געווען אין גאַנצן זיכער, צי ער זאָל גיין אין סיטי קאָלעדזש. ער האָט געוואָלט ווערן אַ יוניאָן־אָרגאַניזער... .

• • •

אוירווינג האָט צוויי יאָר געלערנט אין סיטי קאָלעדזש, איין יאָר אין ברוקווואוד לייבאָר קאָלעדזש און דערנאָך אָנגעהויבן זוכן אַרבעט.

אין יאָר 1936 האָט שוין אוירווינג געאַרבעט בײַ מייסין. ער איז געוואָרן זייער אַקטיוו אין דער יוניאָן. ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער קריג אין שפּאַניע, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט צו זאַמלען הילף פֿאַר די לאָיאַליסטן.

און איין מאָל איז ווי אַ בליץ אים אַריין אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז ער מוז פֿאָרן קיין שפּאַניע קעמפֿן קעגן פֿאַשיזם. ער האָט שוין מער ניט געקאָנט רוען און אָנגעהויבן טראַכטן, ווי דורכצופֿירן זיין פּלאַן אָן דעם וויסן פֿון זיינע עלטערן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זיי וועלן זיך שטעלן קעגן.

נאָך דעם, ווי ער האָט שוין געהאַט דורכגעפֿירט אַלע פֿאַר־מאַליטעטן, האָט ער דערציילט זיינע עלטערן, אַז מע שיקט אים אין קאַליפֿאָרניע אויף יוניאָן־אַרבעט.

די עלטערן האָבן צוגעשטימט און אוירווינג האָט זיך גענומען פּאַקן.

— פֿאַרוואָס נעמסטו מיט אַזוי ווייניק זאַכן ? — האָט אים געפֿרעגט די מאַמע.

— איך דאַרף ניט מער — האָט אוירווינג געענטפֿערט —

און אויב ס׳וועט מיר עפּעס פעלן, וועל איך קויפן אין קאַלי־פאָרניע.

• • •

די נאַכט פון עלפטן מערץ איז שוין אוירווינג געווען אויף דער שיף. ס׳איז געווען טומלדיק. אַלע אַרום אים האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע פריינט און באַקאַנטע.

די שיף האָט אָנגעהויבן אַרויסציען זיך פון האַפן.

אוירווינג שטייט אויפן דעק און טראַכט איין געדאַנק:

וואָס שנעלער אָנקומען קיין שפּאַניע!

• • •

ער האָט גאָרניט געזען אין פראַנקרייך, ווייל מ׳האָט אים גלייך אָפּגעשיקט צו דעם גרענעץ.

פּערצן שאָ איז אוירווינג געקראָכן איבער בערג. מ׳האָט זיך געדאַרפט היטן פאַר דער פראַנצויזישער וואַך.

ערשט אויף דער שפּאַנישער זייט פון דעם גרענעץ האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, גערוט און געגעסן.

שוין לאַנג, אַז אוירווינג און די וואָלונטירן, וואָס זיינען אָנגעקומען צוזאַמען מיט אים, האָבן ניט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט.

מ׳האָט זיי פינף וואָכן געלערנט מיליטערישע דינסט.

אוירווינג האָט די ערשטע צייט שטאַרק געבענקט אַהיים.

שפּעטער האָט ער זיך באַגעגנט אין לאַגער מיט זיבן כאַווירים זיינע פון ניו יאָרק.

נאָך די פינף וואָכן פון לערע האָט מען זיי אָפּגעשיקט קיין מאַראַטאַ. זיי האָבן פאַרנומען אַ פּאָזיציע דריי מייל פון פראָנט, וואו ס׳איז געווען זייער שטיל.

איין מאָל האָבן די סאָלדאַטן דערזען פאַפּירלעך פליען פון הימל. זיי האָבן פאַרריסן זייערע קעפּ און דערזען אַ פאַשיסטישע לופט־שיף.

די לופט־שיף איז באַלד פאַרשוואונדן און כעוורע זיינען צוגעלאָפן צו דעם פּלאַץ, וואו די אויפרופן זיינען געלעגן.

די סאָלדאַטן האָבן געלאַכט, ווען זיי האָבן געלייענט, אַז פראַנקאָ רופט זיי אַריבערצוגיין אויף זיין זייט.

• • •

פון מאַראַטאַ האָט מען זיי אָפּגעשיקט קיין ברונעט. זיי האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין אַ יולי־טאָג. די פּאָזיציע האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג. ס'איז געווען אַזוי הייס אויפן באַרג, אַז אַ סאַך סאָלדאַטן האָבן ניט געקאָנט אַריבערטראָגן.

אין אָוונט זיינען די סאָלדאַטן געוואָרן זייער געשפּאַנט. ס'איז געווען אַזוי שטיל, אַז יעדער סאָלדאַט האָט געקאָנט הערן, ווי עס קלאַפּט זיין אייגן האַרץ.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע:

— פייער!

די אַמעריקאַנער האָבן גענומען אַטאַקירן פון דער לינקער זייט און די ענגלענדער — פון דער רעכטער.

מ'האָט געדאַרפט אַריבערגיין אַ טייך. דאָס וואַסער איז געווען הויך ביזן האַלדז.

דאָס איז געווען אוירווינגס ערשטע שלאַכט.

• • •

די צווייטע אַטאַקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן מאַסקיטאָ־באַרג.

אין מיטן דער אַטאַקע האָט אוירווינג דערזען, ווי זיינער אַ כאַווער איז אומגעפאַלן. אוירווינג האָט זיך גלייך אָפּגע־שטעלט, אים פאַרבאַנדאַזשירט און איז געלאָפן ווייטער. אַ קויל האָט אים געטראָפן אין פוס. ער איז געפאַלן און האָט אָנגעהויבן רופן נאָך הילף.

זיינע כאַווירים הערי און סידני זיינען אָנגעלאָפן און האָבן אים גלייך אַראָפּגעטראָגן פון פעלד אין טאָל אַריין, וואו ס'איז ניט געווען קיין געפאַר.

אוירווינג איז געלעגן אין טאָל אַ שאָ צייט און האָט ניט געקאָנט טראַכטן וועגן קיין שום זאַך. ער האָט נאָר געקאָנט הערן די שיסערייען און פון צייט צו צייט — אַ געשריי פון אַ פאַרוואונדעטן.

צוויי סאַניטאַרן האָבן אים שפּעטער אַוועקגעטראָגן אויף דער ערשטער הילף סטאַנציע.

אויפן וועג האָט אוירווינג געטראַכט וועגן די סאַניטאַרן:

זיי טוען דאָך פון די שווערסטע אַרבעטן. זיי דאַרפן קעסיידער טראָגן די פאַרוואונדעטע אונטערן פייער פון סוינע.

• • •

מ׳האָט אוירווינגן אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל אין מאַדריד און אים דאָרט אָפּערירט.

די ערשטע מאָנאַטן האָט ער ניט געקאָנט גיין. ווען ס׳איז אים געוואָרן לייכטער, האָט ער געהאָלפן פאַרוויילן די פאַר־וואונדעטע און קריגן פאַר זיי פּאַפּיראָסן.

מ׳האָט אים דערנאָך אַוועקגעשיקט אין אַן אַנדער שפּיטאָל, וואו ער האָט באַגעגנט אַ מיידל, וואָס ער האָט נאָך געקענט פון אַמעריקע.

זי האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל.

אוירווינג טראַכט אַ סאַך וועגן זיין היים. ער וויל זען זיינע עלטערן, זיין ברודער. אָבער ער וויל ניט פאַרלאָזן שפּאַניע.

איין טאָג האָט געבראַכט אוירווינגן אַן איבערראַשונג. ער האָט געקראָגן אַ בריוו פון זיינע עלטערן. זיי האָבן געלייענט אין די ציַיטונגען, אַז ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן. דער בריוו איז געווען אַזאַ הארציקער און האָט אוירווינגן דערמוטיקט. ער האָט ווידער אָנגעהויבן וואַרטן אויפן טאָג, ווען ער וועט ווערן אין גאַנצן געזונט און מ׳וועט אים צוריקשיקן צום פראָנט.

• • •

ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מען שיקט אים אַהיים צוזאַמען מיט נאָך פאַרוואונדעטע וואָלונטירן.

אוירווינג האָט ניט געשריבן צו די עלטערן, אַז מ׳שיקט אים אַהיים. ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיי זאָלן אים באַגעגענען.

אויף דער שיף האָט ער זיך געפילט ווי אַ פאַרלאָרענער.

איין געדאַנק האָט אים ניט אָפּגעלאָזט:

אויב שפּאַניע וועט קריגן אַמוניציע, וועט די מילכאָמע לאַנג ניט דויערן, און די לאָיאַליסטן וועלן זיגן.



# ער האָט געטאָן זיין פליכט

● עטל סימאָנאָוויטש

מאַקס מוטער זיצט אויף אַ שטול און פאַרצירעוועט זאָקן. זיין פאָטער איז פאַרטיפט אין דער ציימונג. מאַקס זיצט אין זיין צימער און טראַכט, וואָס ער זאָל זאָגן זיינע עלטערן. ער הייבט זיך אויף און גייט אַריין אין צימער, וואו זיינע עלטערן זיצן. די מאַמע הייבט אויף די אויגן און דערשרעקט זיך:

— מאַקס, וואָס ביסטו אַזוי בלאַס?

— ס׳דאַכט זיך דיר בלויז אויס אַזוי, מאַמע — ענטפערט מאַקס און גייט אַריין צוריק אין זיין צימער.

• • •

מאַקס קאָן ניט שלאָפן. די מאַמע קומט שפּעטער אַריין אין

צימער. ער מאַכט זיך, אַז ער שלאָפֿט. די מאַמע דעקט אים בעסער איין און גיט אים אַ קוש.

ווען מאַקס האָט געעפֿנט די אויגן, האָט די זון אַריינגעשיינט אין צימער. דער קאָפּ האָט אים ווי געטאָן. ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק צו דער אַרבעט. אויפֿן וועג האָט ער געטראָפֿן זיינעם אַ נאָענטן כאַווער און ער האָט זיך מיט אים באַראַטן, וואָס צו דערציילן די עלטערן פֿאַרן אַוועקפֿאָרן.

דער כאַווער האָט אים געראַטן דערציילן די עלטערן, אַז ער פֿאָרט אַוועק אויף וואַקאַציע.

• • •

מאַקס גייט אַרום איבער זיין צימער. ס'איז אים שווער צו רעדן מיט דער מאַמען. זי קומט אַריין צו אים אין צימער און פֿרעגט אים:

— וואָס איז געשען, מאַקס?

— איך פֿיל זיך ניט אַזוי גוט, מאַמע. איך גלויב, אַז איך וועל אַוועקפֿאָרן זיך אָפּרוען אויף עטלעכע וואָכן.

די מאַמע האָט זיך דערשראָקן. זי איז געוואָרן בלאַס.

מאַקס האָט זי באַרואיקט:

— בלויז מיד און איך דאַרף זיך אַ ביסל אָפּרוען.

• • •

מאַקס האָט זיך גענומען פּאַקן. די מאַמע האָט אַ טרויעריקע אים געהאָלפֿן. ער האָט דערנאָך זיך געזעצט עסן און דערביי געטראַכט, אַז ער וועט אַזאַ גוטע וועטשערע נאָך אַ מאָל אַזוי גיך ניט עסן...

נאָכן עסן האָט מאַקס זיך גענומען געזעגענען מיט די, וואָס זיינען אים ליב און טייער.

ער וועט דעם מאַמענס קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן.

• • •

אויף דער שיף האָט מאַקס זיך באַגעגנט מיט נאָך וואָלונטירן. ער האָט זיך דערפֿילט מונטערער: ער איז ניט אַליין. עס פֿאָרן נאָך יונגע לייט קעמפֿן קעגן דעם פֿאַשיזם.

די שיף האָט זיך גענומען רירן פֿון אָרט.

אויף דער שיף האָט מאַקס געציילט די שאָען, וואָס ברענגען אים נעענטער צו שפּאַניע.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער קאַפּיטאַן אויסגערופן, אַז מ׳זעט שוין די ברעגן פון פראַנקרייך.

• • •

מ׳האָט אין שפּאַניע אויפגענומען די וואָלונטירן מיט גרויסער פרייד. אויף מאָרגן האָט מען זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. עס זיינען געווען ווייניק ביקסן, אָבער געלערנט האָט מען זיך גוט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז מאַקס אַוועק צום פראָנט.

מאַקס איז געווען פריילעך. ער האָט געפילט, אַז איצט וועט ער קאָנען שלאָגן דעם פאַשיזם.

מאַקס איז געווען פינף טעג און נעכט אויפן פראָנט. אויפן זעקסטן טאָג האָט אַ קויל אים געטראָפן אין דער האַנט. מ׳האָט אים אַוועקגענומען אין שפּיטאָל.

ער איז פינף מאָנאַטן געלעגן אין שפּיטאָל. ער האָט גע־בענקט אַהיים. אָבער ווי נאָר ער האָט דערפילט, אַז ער פילט זיך בעסער, האָט ער זיך גענומען בעטן, מ׳זאָל אים שיקן ווידער צום פראָנט.

מ׳האָט אים אָבער געזאָגט, אַז מען שיקט אים צוריק קיין אַמעריקע.

• • •

מאַקס עלטערן האָבן ניט געוואוסט, אַז ער קומט אַהיים.

ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער וועט די פרייד קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער שוין געזעסן באַם טיש און דער־ציילט וועגן שפּאַניע.

מאַקס דערציילט און זעט אין אַלעמענס אויגן, ווי זיי פילן, אַז ער האָט געטאָן זיין פליכט אַלס ייד און אַלס מענטש.



# ער וואָלט צוריקגעפאָרן...

● עסטער לופּין

די מאַמע איז פאַרנומען אין קיך בײַ די קיילים. דער טאַטע זיצט פאַרטיפט אין זיין יידישער צייטונג. זייער איינציקער זון העריי איז זייער אומרואיק. זיינע עלטערן ווייסן ניט, אז ער טראַכט וועגן פאָרן קיין שפּאַניע.

וואָס טוט מען?

העריי האָט פאַרלאָרן זיין אַרבעט. איז עפשער זאָל ער דערציילן זיינע עלטערן, אַז אַ פריינט רעקאָמענדירט אים אַרבעט אין אַן אַנדער שטאָט?

די מאַמע האָט געענדיקט וואַשן די קיילים, האָט זיך צוגעזעצט לעבן טאַטן און אויך אַריינגעקוקט אין דער צייטונג.

הערי גייט צו צו זיי:

— איך האָב געקראָגן אַרבעט. איך פאָר מאָרגן אַוועק.

די מאַמע איז געבליבן זיצן אַן איבערראַשטע. דער טאַטע האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט די מאַמע אים געפרעגט:

— פאַרוואָס פאָרסטו עפּעס אין אַן אַנדער שטאָט? עפּשער וועסטו נאָך דאָ געפינען אַרבעט?

הערי איז געוואָרן מער נערוועז:

— איך וויל אַוועקפאָרן! איך קאָן שוין מער ניט אַרומגיין אָן אַרבעט! איך וועל שרײַבן צו אײַך און אַפילו צושיקן יעדע וואָך געלט.

די מאַמע האָט זיך צעוויינט.

דער טאַטע האָט געזען, אַז הערי איז אַנטשלאָסן צו פאָרן, האָט ער אים בלויז צוגעוואונטשן:

— פאָר געזונטערהייט און גיב אַכטונג אויף זיך.

• • •

הערי קאָן ניט צומאַכן מיט קיין אויג. ער טראַכט וועגן זײַנע עלטערן און וועגן דעם ליגן, וואָס ער האָט צוגעטראַכט.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט ביז זעקס אַזייגער. ער האָט זיך שטיל אָנגעטאָן, גענומען זײַנע זאַכן, וואָס ער האָט נאָך נעכטן פאַרפּאַקט פאַרן שלאָפן. ער האָט אָנגעשריבן אַ קורץ בריוועלע און עס אַוועקגעלייגט אויף זײַן טישל:

„ליבע טאַטע און מאַמע:

איך האָב ניט געקאָנט וואַרטן, ביז איר וועט אויפשטיין, ווײַל מײַן באַן גייט פרי אָפּ. זאָרגט זיך ניט. איך וועל שרײַבן צו אײַך.

אײַער זון,

הערי.”

אַכט אַזייגער זײַנען אויפגעשטאַנען דער טאַטע און די מאַמע. זיי האָבן געמיינט, אַז הערי שלאָפט נאָך, און אים ניט געוועלט וועקן.

ווען ס'איז געוואָרן שפּעט, איז די מאַמע אַרײַן אין זײַן

צימער. זי האָט גלייך דערזען דאָס צעטעלע אויפן טיש. זי האָט עס געוויזן דעם מאַן.

ער האָט איבערגעלייענט דאָס צעטעלע און זי באַרואיקט:

— ס'וועט מיסטאָמע די טעג אָנקומען פון אים אַ בריוו.

• • •

פאַרן זעצן זיך אויף דער שיף האָט הערי אָנגעשריבן אַ בריוו צו די עלטערן. ווען דער טאַטע איז אַרונטער אין גאַס, האָט ער געפונען דעם בריוו און זיך שטאַרק דערפרייט און איז אַרויף דערציילן דער מאַמען.

נאָך דעם בריוו האָבן זיי עטלעכע מאָנאַטן ניט געהערט פון אים.

• • •

הערי האָט געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל. אָבער דעם שווידער פון דער מילכאָמע האָט ער געזען סיי ווי. ער האָט געזען צע־שאָסענע הייזער מיט פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס.

זיין צווייטע שווידערלעכע איבערלעבונג איז געווען, ווען מ'האָט געבראַכט אין שפּיטאָל צוויי פון זיינע כאַווירים. זיי זיינען געווען שווער פאַרוואונדעט. זיי האָבן זיך שרעקלעך גע־מאַטערט פאַרן טויט.

הערין איז שווער געווען איבערלעבן די געשעענישן.

פון צייט צו צייט פלעגט ער טראַכטן וועגן זיינע עלטערן. ער האָט געבענקט נאָך זיי. אָבער אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער וועט שוין קיינמאָל ניט קומען אַהיים.

• • •

אין דער היים האָט מען ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן. הערי איז פאַרפאַלן געוואָרן. די מאַמע איז אַרומגעלאָפן צו זיינע באַקאַנטע, אָבער זי האָט גאָרניט אויסגעפונען. ס'איז איר ניט איינגעפאַלן, וואו הערי געפינט זיך.

דער מאַמעס ווייטיק איז געווען גרויס. זי האָט געהאַט פאַר־לאָרן צוויי קינדער, און הערי איז געווען דאָס איינציקע קינד, וואָס איז איר געבליבן.

• • •

הערי האָט בּאַ דער ערשטער מעגלעכקייט אָנגעשריבּן אַהיים דעם ערשטן בריוו. ער האָט געבעטן זיינע עלטערן, זיי זאָלן אים פאַרגעבּן.

די עלטערן האָבּן ניט געקאָנט גלויבּן, אַז דער בריוו איז פון זייער זון. די מאַמע האָט געכאַלעשט.

זיי האָבּן געלייענט עטלעכע מאָל דעם בריוו. וועגן קומען אַהיים האָט הערי גאָרניט געשריבּן. און די מאַמע האָט אָנ-געהויבּן ווארטן פון טאָג אויף טאָג.

• • •

מ׳האָט הערין און נאָך אַ גרופּע וואָלונטירן דערלויבּט פאָרן קיין פראַנקרייך אויף 30 טעג רו. זיי זיינען נאָך ניט אָפּגעוועזן זייער וואַקאַציע, ווי ס׳איז אָנגעקומען אַ מעלדונג פון שפּאַניע, אַז זיי מעגן זיך אומקערן אַהיים.

הערי קאָן זיך עס ניט פאָרשטעלן. ער האָט פאַרלאָזן שפּאַניע אין מיטן קריג. די שפּיטאָלן זיינען פול מיט פאַר-וואונדעטע. דאָס פאָלק קעמפט ווייטער. איז ווי ווערט ער דאָס פאָרן אַהיים ?...

• • •

הערי האָט אָנגעשריבּן אַ בריוו צו זיינע עלטערן.

די עלטערן האָבּן זיך שוין ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף אים.

ווען ער איז אַראָפּ פון דער שיף, זיינען זיי אַרויפגעפאַלן אויף אים און געוויינט מיט ביטערע טרערן.

ער איז ווידער אין אַמעריקע. ער האָט צוריקגעקראָגן זיין אַלטע שטעלע. בּאַ דער אַרבּעט טראַכט הערי :

ווען מ׳רופט ווידער קיין שפּאַניע, וואָלט ער אַפילו קיין מינוט ניט געטראַכט און צוריקגעפאָרן קעמפן פאַר דעמאָ-קראַטיע.



# מיטן „אינטערנאַציאָנאַל“...

● סיימאָן פרוסין

**דזשאַני איז געזעסן** אויפן פלויט. די פאַרגייענדיקע זון האָט זיך געשפילט און אַרומגעטאַנצט אין די העל־בלאָנדע גע־קרייזלטע האָר פונעם דריי־יאָריקן יינגל. ער איז געווען אַ בילד פון געזונט. די זון האָט זיך צעשפילט אויף זיינע רויטע באַקן. עס איז געווען אַ גרויסער קאָנטראַסט צווישן אַלטן צעבראָכענעם פלויט און דעם שיינעם לעבעדיקן יינגל, וועלכער איז געזעסן און געשניצט אַ שטיקל האָלץ מיט קליינע, זיכערע שניט.

אַלץ איז געווען שטיל און צוגעקליבן. מען האָט שוין אויס־געמעלקט די קי. די אויפעס זיינען שוין אַריין אין זייערע שטייגן.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ ווײ־געשריי. עס איז געווען אַ הויכע שטים פון אַ פרוי. דזשאַני האָט זיך דערשראָקן. ער האָט שנעל אַוועקגעוואָרפן דאָס שטיקל האָלץ, אַריינגעלייגט דאָס מעסערל אין קעשענע, אַראָפּגעקלעטערט פונעם פּלויט און איז גיך צוגעלאָפן צום הויז.

פאַרן הויז איז געשטאַנען אַן אַלט פעָרדל, באַדעקט, ווי אַלע אַנדערע אויטאָמאָבילן פון דעם געגנט, מיט רויטן שטויב. דזשאַני איז שטיל אַריין אין הויז. דער טאַטע איז געשטאַנען לעבן טיר פון שלאָפצימער. דזשאַני איז צוגעגאַנגען צום טאַטן און אַריינגעקוקט אין צימער. די מאַמע איז געלעגן אין בעט, און אַ מאַן, אין אַ ווייסן אָנצוג, האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אַרום איר.

דזשאַני האָט זיך צוגעטוליעט צום פאָטער. זיין טאַטע, אַ הויכער פּין, מיט ברייטע פּלייצעס, האָט אויפגעהויבן דזשאַנין און אים אַ קוש געטאָן. ער האָט דזשאַנין אַוועקגעזעצט אויף זיינע ברייטע פּלייצעס, און ביידע זיינע אַרונטער אין קיך. זיי האָבן ביידע איבערגעביסן. דאַן האָט דער טאַטע אים אַוועקגעלייגט אין בעט, גוט איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע, אים אַ קוש געטאָן און אויסגעדרייט דעם לאָמפּ.

דזשאַני האָט לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן דער מאַמעס קוילעס, וועגן דעם מאַן אין ווייסן אָנצוג און וועגן זיין שטאַרקן טאַטן.

• • •

אין דער פרי, ווען דזשאַני האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז דער טאַטע געזעסן לעבן דעם בעט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין די זעלבע קליידער, די זעלבע אָפּגעטראָגענע אָווערהאָלס און העמד. נאָר זיין פּאָנעם איז געווען אַנדערש. עס איז געווען זייער טרויעריק, די פולע באַקן זיינען איינגעפאַלן, און דאָס גאַנצע פּאָנעם האָט אויסגעזען לענגער.

דזשאַני האָט געוואָלט אויסשרייען, ווי געוויינלעך אין דער פרי: „קאָם אָן, פּאַ, לאָמיר גיין מעלקן די קי!" אָבער דעם טאַטנס טרויעריק פּאָנעם האָט אים דערמאָנט וועגן נעכטן.

— וואו איז מאַ?

אַ שוואַרקייט איז אַריבער איבערן טאַטנס אויגן, ווי אַ וואָלקן פאַר אַ שטורעם.

— זי — און זיין שטים האָט געציטערט — זי איז אינעם שענסטן און בעסטן לאַנד, וואוהין דו, מיין קינד, וועסט אויך גיין, ווען די צייט וועט קומען.

דער קליינער דזשאַני האָט עס ניט פאַרשטאַנען, אָבער דער דערעכערעץ צום טאַטנס טרויער האָט אים ניט געלאָזט מער פרעגן קיין פראַגעס.

אַז דזשאַנים מאַמע איז געשטאָרבן, האָט די וועלט קיינעם ניט פאַרלאָרן — אַ נייַ ברידערל איז אַריינגעקומען אין הויז.

צוויי טעג שפּעטער זיינען געקומען די באָבע און דער זיידע. דער זיידע פלעגט אוועקגיין אין דער פרי און צוריקקומען באַנאַכט, אָבער די באָבע איז געווען אין הויז אַ גאַנצן טאָג. זי האָט אויפגעפּאַסט אויף די צוויי קינדער און אויפן הויז.

אין אַ יאָר אַרום האָבן דער זיידע און די באָבע פאַרלאָזן דאָס הויז. דעם זעלבן טאָג האָט זייער טאַטע פאַרגעשטעלט פאַר די יינגלעך זייער „נייע מאַמע". זי איז געווען אַ יונג מיידל פון אַ יאָר אַכצן, קימאַט צען יאָר יינגער פון איר מאַן.

• • •

זי איז געווען אַ קורץ-געוויקסיקע מויד, מיט גלייכע בלאָנדע האָר, ניט קיין שיינהייט, אָבער אויך ניט קיין מיעסע. כאָטש זי איז ניט געווען געבילדעט, איז אָבער איר גרעסטער פאַרגעניגן געווען צו לייענען ליבע-ראָמאַנען. אין דער פרי, נאָך דער הויז-אַרבעט, פלעגט די שטיף-מאַמע אוועקשיקן די קינדער און זיך אוועקזעצן אויפן „פּאָרטש" און לייענען אַ גאַנצן טאָג. יענע טעג זיינען געווען די בעסטע פאַר די קינדער!

נאָך אַ יאָר איז געוואָרן קלאָר, אַז דייזי, אַזוי האָט די שטיף-מאַמע געהייסן, וועט קיינמאָל קיין קינדער ניט האָבן. מיט איר מאַן האָט זי געלעבט ניט זייער גוט, און איר קאַס האָט זי אויסגעלאָזן צו די הילפלאָזע קינדער. זי איז אַלץ מער פאַרשקלאַפט געוואָרן פון די ראָמאַנען, און איר אַרבעט האָט זי

אַלץ מער אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס פון די צוויי קינדער. זיי האָבן געדאַרפט קלייבן האָלץ און איינהייצן דעם אויוון, געבן עסן די אויפעס און מעלקן די קי אין דער פרי. און ווען די קליינע מויעכלעך האָב פאַרגעסן עפּעס, אָדער ווען זיי האָבן קיין כיישעק ניט געהאַט עפּעס צו טאָן, האָבן איר ביינערדיקע הענט פּלייסיק געשלאָגן.

איין מאָל, ווען דזשאַני איז שוין געווען אַ יאָר אַכט, האָבן די יינגלעך אָפּגעמאַכט גיין כאַפּן פיש. זיי זיינען אויפגעשטאַנען פאַר דער מאַמען, האָבן גענומען אַ שטיק ברויט און זיינען אַוועק־געלאָפן צום נאָענטן טייכל. זיי זיינען שטיל געזעסן באַם טייך, ווען פּלוצלונג האָט זיך באַב דערמאָנט, אַז זיי האָבן נאָך ניט געטאָן זייער אַרבעט. זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז זייער שטיף־מאַמע וועט זיי באַשטראָפן, האָבן זיי באַשלאָסן צו וואַרטן ביז דער טאַטע וועט קומען פון פעלד און מיט אים אַהיים גיין. דעם אָוונט האָט זיי טאַקע די שטיף־מאַמע ניט אָנגערירט, אָבער אין דער פרי האָבן זיי דערזען, אַז זייער טיר איז פאַרשלאָסן. די שטיף־מאַמע האָט באַשלאָסן זיי אויסצוהונגערן אַ טאָג! זיי האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין טיר מיט זייערע פויסטלעך. די שטיף־מאַמע איז אַריין, אַ צעקאָכטע, און האָט זיי ביידן אָנ־געשלאָגן ביז בלוט.

פון דער מינוט אָן איז אָנגעוואַקסן אַ שטאַרקע סינע אין די צוויי יונגע הערצער קעגן דער שטיף־מוטער.

• • •

זיי האָבן שוין ביידע געאַרבעט אין פעלד מיטן טאַטן, ביידע געטאָן אַ מענערשן טאָג אַרבעט. זומער, האַרבסט און פרילינג האָבן זיי געאַרבעט אין פעלד. ווינטער האָבן זיי זיך געלערנט אין שול.

יאָר איין, יאָר אויס, טאָג איין, טאָג אויס — האָט זיך גע־צויגן די געוויינלעכע אַרבעט. זי פלעגט נאָר איבערגעריסן ווערן עטלעכע מאָל אַ יאָר דורך פאַרשיידענע געשעענישן: אַ יאַריד, אַ שטורעם, אַ געבורט פון אַ קעלבל, אָדער אַ כאַזערל.

איין טאָג, נאָך דזשאַנים דרייצנטן געבורטסטאָג, האָט זיך

פאַרלאָפן אַ מייסע, וועלכע האָט באַאיינפלוסט זייער ווייטערדיק לעבן.

עס איז געווען אין מיטן יאַנואַר, שפּעט נאָכמיטאָג. אַ וואָיענדיקער ווינט האָט אָנגעטראָגן שניי אַרום דעם הויז. די גאַנצע פאַמיליע איז געווען אין הויז. די מוטער איז געזעסן באַם גרויסן טיש, אין מיטן צימער, און האָט געלייענט אַ בוך. דער קעראָסין-לאָמפּ האָט באַלויכטן דעם טיש און האָט געוואָרפן שאָטנס איבערן גאַנצן צימער. דער טאַטע איז געזעסן אָן אַ זייט, לעבן אויוון, און האָט שטיל געשמועסט מיט דזשאַנין וועגן די נייעס פון דער צייטונג, וועלכע דזשאַני האָט געהאַלטן אין האַנט. באַב האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון גלעקעלעך — דאָס האָבן זיך די בעהיימעס אומגעקערט פון פעלד. די יינגלעך און דער טאַטע האָבן אָנגעטאָן זייערע מאַנטלען פון שעפּסענעם פעל און זיינען אַוועק אין שטאַל.

די שטאַרקע קי זיינען אָנגעקומען צום שטאַל איינע נאָך דער אַנדערער, מען זאָל זיי מעלקן. דאָס קלינגען פון די גלעקע-לעך, וועלכע יעדע קו האָט געהאַט אויף איר האַלדז, איז געווען ווי אַ רוף צום מעלקן. יעדע קו איז צוגעגאַנגען צו איר אָרט און האָט דאָרטן געוואַרט.

באַב איז געגאַנגען פון קו צו קו און האָט פאַרשלאָסן די קעפּ אין הילצערנע געשטעלן. דזשאַני איז דורכגעגאַנגען נאָך אים מיט אַ שיסל און האָט פאַר יעדער בעהיימע אָנגעוואָרפן אַ קופּקע צעמאָלענע גרויפּן. דער טאַטע האָט אָנגעהויבן מעלקן. מיט אַ מאָל האָט באַב אַ געשריי געטאָן: „בעסי איז נישטאָ!"

דער טאַטע און דער עלטערער זון האָבן זיך אַרומגעקוקט. יאָ, ס'איז עמעס! בעסיס פּלאַץ איז ליידיק.

— עפּשער פאַרבלאָנדזשעט אין שניי? — האָט דזשאַני געזאָגט.

— עפּשער שוין געהאַט דאָס קעלבל? — האָט באַב נאָכ-געזאָגט.

— ניין, באַב — האָט דער טאַטע געענטפערט — ס׳איז נאָך צו פרי.

דער טאַטע האָט געגעבן באַפעלן:

— באַב, דו בלייב דאָ, מעלק די קי. איך און דזשאַני וועלן גיין זוכן די בעהיימע. ווען דו וועסט ענדיקן דיין אַרבעט, זאָלסטו קומען אונדז העלפן.

ביידע זיינען אַרוים מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס און באַב איז געבליבן אַליין.

כאָטש ער האָט גאַנץ גיך געענדיקט זיין אַרבעט, האָט זיך אים אויסגעדוכט, ווי עס וואָלט גענומען דוירעס. ענדלעך איז ער פאַרטיק געוואָרן, האָט פאַרשפיליעט זיין שעפּסענעם מאַנטל, אויפגעהויבן זיין קאָלנער און איז אַרוים. דער שניי־שטורעם האָט זיך געוואָרפן קעגן דער ערד מיט דער זעלבער בייזקייט ווי פריער. ווי ער איז אַרוים אין דרויסן, האָט באַב דערהערט פון וווייטן דאָס קלינגען פון אַ גלעקל און דעם טאַטנס שעלטן. דערזען האָט ער אים, ווען דער טאַטע איז שוין געווען גאָר נאָענט. ער האָט עפּעס געהאַלטן איינגעוויקלט אין מאַנטל, און דזשאַני האָט הינטער אים געפירט די פאַרלאָרענע בעהיימע.

דער טאַטע איז סאָפּענדיק צוגעלאָפן צו באַבן און האָט הייזעריק אַ געשריי געטאָן:

— ברענג פון קעלער אַ פּאָר אַלטע קאַרטאָפל־זעק, און גיך!

דאָס לעצטע וואָרט „גיך" האָט שוין באַב ניט געהערט, ווייל ער איז אַוועקגעלאָפן צום קעלער. דזשאַנין האָט דער טאַטע געהייסן ברענגען שטרוי. ביידע זיינען באַלד געקומען אין שטאַל מיט די נויטיקע זאַכן.

— איך געדענק נאָך, ווי די זעלבע זאַך האָט פּאַסירט, ווען איך בין געווען אַ קינד — האָט דער טאַטע אויסגעהוסט. ער האָט גענומען אַרומוויקלען דאָס קעלבל מיט די זעק און אַרומ־לייגן מיט שטרוי. ווי ער איז אַזוי געשטאַנען פאַרן קעלבל אויף די קני, האָט ער אָנגעהויבן ביטער הוסטן און פאַר אַ ווײַלע ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. זיין פּאָנעם איז געווען צעקרימט פון וווייטיק און ער האָט אויסגעסאָפּעט: „אוי מיין זייט!"

מיט די ווערטער איז ער געפאַלן אויפן שטיינערנעם דיל. דזשאַני האָט אויסגעשריען צו באָבן:

— נעם אים אַריין אין הויז. איך גיי רופן דעם דאָקטער.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז שוין דזשאַני געווען אויפן וועג צו די הענדערסאָנס. דאָרטן איז געווען אַ טעלעפאָן. ער האָט גערופן דעם דאָקטער און איז שנעל געלאָפן אַהיים. אין דער היים איז דער טאַטע, שוין איבערגעטאָן אין טרוקענע קליידער, געלעגן אין בעט. ער איז געלעגן אַ בלאַסער און אַן אויסגעמאַטערטער און שווער געאָטעמט.

דער דאָקטער איז געקומען אין אַ דריי פערטל שעה אַרום. ער האָט אויסגעהערט דעם קראַנקן, גענומען זיין פּולס און געזאָגט:

— דייגע זיך ניט. ס׳איז אַ שטאַרקע פאַרקילונג. טו וואָס מען הייסט דיר, און עס וועט זיך אויסדרייען צום גוטן. מאָרגן דאַרף איך פאַרבייפאָרן אייער פאַרם, וועל איך זיך דאָ אָפּשטעלן.

אָבער אין דרויסן האָט דער דאָקטער צוגערופן דזשאַנין און האָט אים שטיל געזאָגט:

— דיין פאָטער איז זייער קראַנק. „דאָבל ניומאָניע”. מען דאַרף אויף אים גוט אויפפּאַסן.

— איר מיינט, ער קאָן שטאַרבן? — האָט דזשאַני גע־פרעגט מיט שרעק.

דער דאָקטער האָט אַ קוק געטאָן אויף דזשאַנים דער־שראָקענעם פּנים און האָט אין אַ שפּאַסנדיקן טאָן געענטפערט:

— וואָס, שטאַרבן? — אוממעגלעך. דייגע זיך ניט, דזשאָן. מאָרגן וועל איך ווידער קומען.

דער ווינטער איז געווען אַ ביטערער, ווי דער דאָקטער האָט פאָרויסגעזאָגט. ס׳איז עמעס, דער פאָטער איז ניט געשטאָרבן, אָבער ער האָט געקוקט דעם טויט אין די אויגן. מעדיקאַמענטן, דעם דאָקטערס בילס, מאַראַנצן פאַרן פאָטער האָבן ביסלעכ־ווייז אַרויסגעצויגן דאָס ביסל אָנגעזאַמלט געלט.

דער טאַטע איז פּאַמעלעך געזונט געוואָרן, אָבער ער האָט נאָך געהוסט, און איז געווען שוואַך. ווען די פייגל זיינען שוין

געקומען פון דאָרעם, איז דער טאַטע נאָך געלעגן אין בעט.

• • •

מיטן אָנקום פון פרילינג האָבן די צוויי ברידער געמוזט אָנהויבן באַארבעטן זייערע פעלדער. זיי זיינען ביידע געווען שטאַרק און געזונט. זייערע קערפּערס זיינען געבויט געווען ווי זייער טאַטנס, מיט ברייטע אַקסלען און הויכע מוסקולן. כאָטש דזשאָן איז נאָך ניט געווען קיין פולע פערצן יאָר אַלט, איז ער שוין געווען קאַרגע זעקס פוס הויך.

דער מאַמען האָבן די יינגלעך געגעבן די אַרבעט אויפצופּאַסן אויפן טאַטן און אויף דער מאָגערער געלט-קאַסע פון דער פאַמיליע. זי האָט געקויפט מעדיצין פאַרן טאַטן און געקאָכט שפּייז פאַר דער פאַמיליע.

ענדע פרילינג איז דער טאַטע שוין אַרויס פון בעט. כאָטש ער איז נאָך געווען צו שוואַך צו אַרבעטן אין פעלד מיט זיינע יינגלעך, האָט ער געטאָן פאַרשיידענע לייכטערע אַרבעטן.

עס איז געווען די צייט צוזאַמענצוברענגען די בעהיימעס מיט אַן אָקס. אַזוי ווי קיין אייגענעם אָקס האָבן זיי ניט געהאַט, האָט דער טאַטע אויסגעליען אַ ראַסאָוון אָקס באַם שאָכן, פאַר אַ דאָלער אַ טאָג.

דזשאָן דער עלטסטער (דער טאַטע) האָט געבראַכט דעם בול און אים געלאָזט זיך פּאַשען מיט די קי. יענעם טאָג איז דער אָקס געווען מער פאַראינטערעסירט אין דעם גראָז, ווי אין די קי. שטאַרק אין קאַס, איז דער פאָטער אַוועק און געבראַכט אַ בייטש. צוגייענדיק פון הינטן, האָט ער מיטן גאַנצן קויעך אַ שמייס געטאָן דעם אָקס איבערן רוקן.

דער אָקס האָט זיך אַ קער געטאָן און, דרייענדיק מיט די לאַנגע שפּיציקע הערנער, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אויף דזשאָנען. יענער האָט גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און האָט זיך געלאָזט לויפן. אָבער ער איז נאָך געווען זייער שוואַך, און עס האָט ניט לאַנג גענומען ביז דער אָקס איז שוין געווען קימאַט אויף אים. דער טאַטע האָט זיך גענומען פאַרטיידיקן מיטן בייטש און שרייען נאָך הילף. ווי דער אָקס האָט זיך דערנעענטערט,

האָט ער אים געפֿונען שמייסן אין מאַרדע. פון דעם איז דער אָקס נאָך מער צעווילדעוועט געוואָרן. ער האָט זיך אויף אים אַרויפֿ־געוואָרפֿן און אים צעשטאָכן מיט די הערנער.

די מוטער, הערנדיק זיינע קוילעס, איז צוגעלאָפֿן צום פֿעלד, האָט אים דערזען ליגנדיק דאָרטן און גענומען רופֿן די זין. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט...

• • •

טרויעריק האָבן דזשאָני און באָב אַראָפּגענומען דעם שניט פון די פֿעלדער. דזשאָן, וועלכער איז פון דער נאַטור געווען שטיל, איז געוואָרן נאָך שטילער. באָב, וועלכער פֿלעגט טאָמער שמייכ־לען, איז געוואָרן ערנסט און פֿאַרטראַכט.

מען האָט די יינגלעך לאַנג אַליין ניט געלאָזט. צוויי וואָכן נאָך זייער פֿאָטערס טויט, איז צו זיי געקומען זייער דאָקטער און אַ גאַסט — אַ פֿרוי פון אַ יעסוימים־אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיי געזאָגט, אַז אויב עמעצער וועט זיי נישט אַריינגעמען אין אַ פֿאַמיליע, וועלן זיי ביידע דאַרפֿן גיין אין אַ יעסוימים־הויז. דער דאָקטער האָט צו זיך צוגערופֿן די יינגלעך און האָט זיי דערציילט, אַז זיין ברודער וואָלט אַריינגענומען און אַדאָפּטירט דעם יינגערן.

באָב האָט ניט געוואָלט הערן וועגן אָפּרייסן זיך פון זיין ברודער. דזשאָן האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז קאַלוועריי איז די גרעסטע שטאָט אין געגנט, און באָב וועט קענען גיין אין סקול. אויב ער וועט זיך גוט לערנען, וועט זיין פֿאָטער אים עפּשער שיקן אין אוניווערזיטעט. די טייִנעס האָבן ניט געהאָלפֿן. נאָר נאָך דעם, ווי דער דאָקטער איז אַוועק, האָט דזשאָן גענומען דערקלערן באָבן, אַז ער וויל אַוועקפֿאָרן.

— וועל איך מיט דיר מיטפֿאָרן! — האָט באָב געזאָגט.

— דו פֿאַרשטייסט מיך ניט — האָט דזשאָן צו אים גערעדט — איך וויל אַוועקפֿאָרן קיין ניו־יאָרק אָדער סאַן־פֿראַנציסקאָ און קריגן אַ שטעלע. מען זאָגט, אַז איך זע אויס, ווי פּופֿצן אָדער אָפֿילע ווי זעכצן יאָר אַלט. אָבער ווען איך זאָל דיך מיטנעמען, ווייס איך, אַז דו וועסט קיין אַרבעט ניט קריגן.

באָב האָט פֿאַרשטאַנען.

דאָס געלט פונעם גערעטעניש האָבן זיי געשפּאָלטן אין דריי טיילן : אַ טייל — דייזין, אַ טייל — דזשאַנען און דעם דריטן טייל באַבן. די ברידער האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז ווען באַב וועט אַוועק קיין קאַלווערי, וועט דזשאַן מיט אים אויך מיטפֿאָרן. דאָרטן, וואו ער איז ניט באַוואוסט, וועט דזשאַן קויפֿן אַ בילעט קיין סאַן־פֿראַנציסקאָ. אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן. פֿאַרן אַוועק־פֿאָרן האָבןביידע ברידער אָפּגעמאַכט, אַז אַזוי שנעל ווי דזשאַן וועט קריגן אַרבעט, וועט ער שרייבן.

ווען די באַן איז אָנגעקומען אין קאַלווערי, האָט זיך דזשאַן אַוועקגעזעצט באַם פֿענצטער. פֿון פֿענצטער האָט ער געזען, ווי באַב איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט פֿאַרקלעמטע הערצער. די באַן האָט זיך אָנגע־הויבן רירן. יעדעס הויז האָט אים דערמאָנט אָן זיין אייגן פֿאַרם־שטיבל, און יעדער מענטש האָט אים דערמאָנט אָן זיין פֿאָטער, און אַז ער איז יאָסעם, איינער אַליין...

שפּעט באַנאַכט איז דזשאַנים באַן אַריינגעקומען אין סאַן־פֿראַנציסקאָ. יענע נאַכט האָט דזשאַני זיך געוואַלגערט אויף דער סטאַנציע. אין דער פֿרי האָט ער גענומען זוכן אַ געלעגער און געפֿונען אַ צימער אין „יאַנג מענס קריסטשיען אַסאָסיאיישאָן".

ער האָט אָנגעהויבן זוכן אַרבעט אין די צייטונגען. די ערשטע וואָך איז דורכגעלאָפֿן ווי אַ ווינט. ער האָט מוירע גע־האַט, אַז מען וועט אים אָפּזאָגן, ווייל ער איז צו יונג, אָבער אויף יעדער שטעלע האָט מען באַ אים נאָר געפֿרעגט, צי ער האָט „דערפֿאַרונג".

נאָך אַ זונטיק איז אָנגעקומען, און דזשאַני האָט נאָך אַלץ קיין שטעלע ניט געהאַט. גייענדיק איבער דער גאַס, האָט ער באַמערקט אַ גרויסן רויטן פּלאַקאַט מיט אַ בילד פֿון אַ סאָלדאַט. אונטערן בילד איז געווען אַן אויפֿשריפֿט אין גרויסע שוואַרצע אויסיעס : „שליס זיך אָן אָן דער אַרמיי און העלף דיין לאַנד." אַ געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן גריבלען אין זיין קאָפּ : „אויב איך וועל קיין אַנדער אַרבעט ניט קריגן, קאָן איך זיך פֿאַרשרייבן אין דער אַרמיי." ער האָט באַשלאָסן צו זוכן אַרבעט נאָך אַ וואָך,

און אויב ער וועט נאָך אַלץ ניט קריגן קיין אַרבעט — טאַקע פאַרשרייבן זיך אין דער אַרמיי.

דער סאָף איז געווען, אַז ער איז אַוועק ווערן אַ סאָלדאַט. אַ קליין מענטשעלע אין מיליטערישע קליידער איז געזעסן איינגעבויגן איבערן דעסק און געשטעלט פראַגעס:

— נאָמען?

— דזשאָן ה. אינגאַל.

— וואו געבאָרן?

— אין אָוקלענד, קאַליפאָרניע.

— ווי אַלט?

— איין־און־צוואַנציק יאָר און צוויי מאָנאַטן.

מען האָט אים אַריינגעשיקט צום דאָקטער פאַר אַן אונטערזוכונג. „אַן אונטערזוכונג", האָט דזשאָני געטראַכט, „גיט מען נאָר קי, אָדער פערד, ווען מען קויפט זיי אויף אַ מאַרק." ווייוויי, וואו האָט מען אים ניט אונטערזוכט! צווישן די פינגער, אונטער די אָרעמס, אין מויל, אין נאָז, אין די אויערן, אין די האָר. ווען דער דאָקטער האָט געענדיקט זיין אונטערזוכונג, האָט ער אַ קוק געטאָן דזשאָנין אין די אויגן אַריין און האָט געזאָגט: „אָ־קיי, באָדי, ביסט אַ סאָלדאַט!"

דריי יאָר איז דזשאָני געווען אַ סאָלדאַט.

• • •

פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָט מען אָנגעהויבן מאַכן סאָלדאַטן פון די יונגען. מען האָט זיי אויסגעקליידט אין סאָלדאַטישע אוניפאָרמס פון כאַקי־קאָליר, אין שטאַרקע גראָבע שטיוול. מען האָט זיי באַלד גענומען לערנען מאַרשירן. זיי האָבן אַרומגעמאַרשירט, ביז זיי זיינען געפאַלן פון די פיס.

דזשאָני האָט זיך אויסגעצייכנט פון ערשטן מאָמענט אָן. דער אָפיצער האָט אים גענומען פאַר זיינעם אַ קלוירק.

ווען די דריי יאָר זיינען געווען קימאַט פאַרענדיקט, האָט דער העכסטער אָפיצער, אונטער וועלכן ער האָט געאַרבעט, אים אַריינגערופן און האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל זיך אָנשליסן נאָך אויף אַ טערמין. ער האָט אים פאַרשפּראָכן, אַז ער וועט זיך

באַמיען אים צו שיקן קיין וועסט-פוינט. דזשאַני האָט אים געבעטן, ער זאָל אים געבן צייט איבערצוטראַכטן. אָבער באַ זיך האָט ער געהאַט באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך מער אין דער אַרמיי ניט אָנשליסן: עס איז אים דערעסן צו לעבן אָפּגעצאַמט פון דער וועלט, ווי אַ כייע אין אַ שטייג.

ענדלעך, ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון באַפרייאונג. מיט מוזיק האָבן די סאָלדאַטן אַרויפגעמאַרשירט אויף אַ גרויסן פעלד. אין מיטן פעלד איז געווען אַ הילצערנע פּלאַטפאָרמע. דער מיליטערישער בענד האָט אָפּגעשפּילט דעם נאַציאָנאַלן הימן און די סאָלדאַטן האָבן אָפּגעגעבן זייער שוואוּע צו דער פאָן. נאָך דעם האָט דער הויפּט-אָפיצער גענומען אַרויפרופן די סאָל-דאַטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט, און האָט אויסגעטיילט קליינע מעדאַלן. ווען דזשאַני האָט געקראָגן זיין מעדאַל און האָט געוואָלט אַראָפּגיין, האָט אים דער אָפיצער אָפּגעשטעלט.

— ווי אַלט ביסטו? — האָט ער געפרעגט.

— איין-און-צוואַנציק — איז געקומען אַ שנעלער ענטפער.

— אַזוי האָסטו אויך אָנגעגעבן, ווען דו ביסט אַריין אין דער אַרמיי. איצט דאַרפסטו ניט מוירע האָבן. זאָג דעם עמעס.

— כ'וועל זיין זיבעצן דעם קומענדיקן מאָנאַט — האָט דזשאַני געענטפערט מיט אַ שמייכל. דער אָפיצער האָט געעפנט זיין מויל, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן — אָבער דזשאַני האָט אָנגעהויבן שמייכלען און דער אָפיצער האָט צוריק גע-שמייכלט...

אַזוי איז דזשאַני אַרויס פון דער אַרמיי.

• • •

די ערשטע זאַך, וואָס דזשאַני האָט געטאָן, איז געווען צו קויפן אַ בילעט אַהיים צו פאָרן. דער וועג אַהיים איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער, ווי דער וועג קיין קאַליפאָרניע. פריער האָט ער געהאַט פאַר זיך אַן אומזיכערקייט. איצט איז ער געווען פול מיט פרייד און גליק. ער האָט זיך געפילט, ווי אַ גענעראַל, וועלכער האָט געזיגט, און איצט קומט ער צוריק צום פאָלק, וואָס וועט אים באַגריסן.

ער האָט ניט געקאָנט דערוואַרטן זיך, דער קאָנדוקטאָר זאָל אויסשרייען דאָס וואָרט „קאַלווערי!“ מיט אַ סטאַנציע פריער איז ער שוין געווען אָנגעטאָן און גרייט. אַ שמייכל האָט זיך צעשפּרייט איבער זיין פּנים, ווען ער איז אָנגעקומען קיין קאַלווערי.

„יאָ“, האָט ער געטראַכט, „ס'איז די זעלבע אַלטע סטאַנציע.“

זיין ברודער, באַב, האָט אָבער אויסגעזען אַנדערש: ער האָט זיך אויסגעצויגן, און איצט איז ער געווען אַ דינער לאַקש. כאָטש ביידע האָבן זיך קימאַט אין גאַנצן געענדערט, האָבן זיי זיך ברידערלעך אַרומגענומען.

באַב האָט פאַרגעשטעלט דזשאַנין פאַר זיינע שטיף־עלטערן.

— עס פאַרדריסט מיך — האָט דזשאַני געזאָגט מיט אַ שמייכל — וואָס מיר האָבן זיך פריער ניט געקאָנט באַגעגענען. ווי איר ווייסט, האָב איך זיך געמוזט איילן מיט מיין אָפּפאָרן.

די שטיף־מוטער האָט שטיל געשמייכלט און ניט געקאָנט אירע אויגן אַראָפּנעמען פון דזשאַנין. דערפאַר, וואָס זיי האָבן קיין קינדער ניט געהאַט, האָבן זיי זייער גאַנצע ליבע אַוועק־געגעבן באַבן. באַב האָט עס אָפּגעשאַצט און האָט שווער גע־אַרבעט אין סקול צו פאַרשאַפן זיי פאַרגעניגן.

ווען ביידע ברידער זיינען געבליבן אַליין, האָט באַב דער־ציילט דזשאַנין, אַז די עלטערן האָבן אים צוגעזאָגט אים צו שיקן אין קאַלעדזש.

— געדענקסט — האָט אים דזשאַני איבערגעריסן — גע־דענקסט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט פאַר מיין אַוועקפאָרן?

באַב האָט גאָרנישט געענטפערט.

דזשאַני האָט שוין מאָנאַטן צוריק באַשלאָסן צו פאַרברענגען אַ וואָך אין קאַלווערי מיט זיין ברודער, און נאָכדעם — אָנשליסן זיך אָן דער נייווי. אין דער אַרמיי האָט דזשאַני געהאַט אַ פריינט, וועלכער איז געווען אַ מאַטראָס. יענער האָט אים דערציילט וואונדערלעכע געשיכטעס וועגן פאַרשיידענע רייזעס איבער דער וועלט. דאָס האָט אים זייער אָנגעלאָקט.

די וואָך איז שנעל פאַרבייגעלאָפן, און דזשאַני האָט זיך

ניט געקאָנט אָפּרייסן פון קאַלוועריִ. אָבער אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז שוין דזשאַני ווידער געווען אין סאַן־פראַנציסקאָ. אַ טאָג שפּעטער איז ער שוין געווען אַ מאַטראָס אין דער נייוויִ. ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע פון דער אַרמיי, און דערפאַר האָט ער ניט געדאַרפט לערנען זיך מאַרשירן און שיסן.

אַ מאָנאַט שפּעטער איז שוין דזשאַני געווען אויף איינער פון די פּאַסיפישע קריגשיפן, וועלכע פאַרטיידיקן די אינדזלען פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויפן פּאַסיפישן אָקעאַן.

כאָטש די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, און מען האָט ניט געהאַט קיין צו פיל צייט אַרומצוקוקן זיך, האָבן זיי דאָך געהאַט געלעגנהייטן צו באַקענען זיך מיט פאַרשיידענע פּאָרטן פון פאַר־שיידענע לענדער. אין די דריי יאָר איז דזשאַני אויסגעפאָרן דעם גאַנצן פּאַסיפישן יאַם. וואו איז ער נישט געווען? כינע, פיליפּינען, האַוויִער אינדזלען. נאָך די דריי יאָר האָט דזשאַני באַשלאָסן צו ווערן אַ פּאַשעטער מאַטראָס אויף אַ האַנדל־שיף, ווייל די סכירעס זיינען געווען אַ סאַך העכער.

כאָטש די סכירעס זיינען טאַקע געווען העכער, זיינען אָבער די באַדינגונגען געווען אַ סאַך ערגער. דאָס בעטגעוואַנט האָט מען זעלטן ווען געביטן און דאָס עסן איז געווען זייער שלעכט. עס איז געווען אַ נישט געשריבענער אָפּמאַך, אַז נאָך יעדער וואָך אַרבעט דאַרפן די מאַטראָסן קריגן אַ טאָג רו. אויב זיי זיינען אין רו־טאָג געווען אין אַ פּאָרט, פלעגן זיי אַרונטערגיין פון שיף און פאַרברענגען.

איין פרילינג טאָג, ווען דזשאָן איז שוין געווען אַ יאָר אַ מאַטראָס, האָט זיך זייער שיף, די „עלי מיי", אָפּגעשטעלט אין שאַנכיי, נאָך אַ צוויי־וואָכיקער רייזע איבערן יאַם.

פאַרגעסן זיינען געוואָרן שווערע אַרבעט און שלעכטע באַ־דינגונגען. די מאַטראָסן האָבן זיך געפּוצט און געוואַשן און פּלאַנירט, וואָס זיי וועלן טאָן אין פּאָרט מיט זייערע סכירעס.

צו וועטשערע איז אַראָפּ צו די מאַטראָסן דעם קאַפּיטאַנס געהילף און האָט אין זיין גראָבער שפּראַך דערקלערט די מאַט־

ראָסן, אַז דאָס מאָל וועלן זיי קיין „שאָר-ליוו" ניט קריגן און זייערע סכירעס וועלן פאַרהאַלטן ווערן.

איין יונגער מאַטראָס האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן זיין צונג און האָט אויסגעשריען: „רויבער זייט איר!"

דער אָפיצער האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, אָבער באַם אַרויסגיין איז ער פאַרפאָרן דעם מאַטראָס מיט זיין פויסט אין אויג, אַזוי אַז יענער איז אומגעפאַלן. דער מאַטראָס, מיט אַ פאַרבלוטיקט אויג, האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט זען און האָט שיר ניט איבערגעקערט דעם טיש. דער אָפיצער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און איז אַרויס. שטיל האָט מען געענדיקט די וועטשערע, אָבער אין די הערצער האָט געברענט אַ האַס.

ווען דזשאָני און די פיר אַנדערע מאַטראָסן, וואָס האָבן געהאַט זייערע בעטלעך אין איין צימער, זיינען אַריין נאָך וועטשערע צו זיך, האָט איין יונגער מאַטראָס אויסגערעדט שטיל, ווי צו זיך:

— גאָדעס, קאַפּיטאַן, זאָלן די אַלע שקלאַפן-טרייבער נאָר גיין אין דר'ערד!

— פאַרוואָס האָט יענער אַ רעכט אַריינצובוכטשען אַ מאַטראָס אין אויג? — האָט געזאָגט אַ צווייטער, לו.

— איך גלויב — האָט אַריינגעוואָרפן דזשאָ — אַז מיר אַלע דאַרפן אויף אים אָנפאַלן און אים גוט אָברעכן די ביינער. זאָל ער וויסן!...

— זיי נישט קיין נאַר — האָט אים לו איבערגעריסן — מען וועט דיך אַרעסטירן!

— איך גלויב — האָט פרענק געזאָגט — אַז מען דאַרף דעם אָפיצער אַרויסוואַרפן פון שיף. אָבער ווי אַזוי פירט מען עס דורך?

— איך ווייס ווי אַזוי — האָט זיך לו ווידער אַריינגעמישט — יוניאָן!

— אָבער באַ אונדז אויף דער שיף איז קיין יוניאָן ניטאָ!

— דו ווייסט אַזוי גוט ווי איך — האָט דזשאָ געשריען — אַז די יוניאָן איז בלויז אַ רעקעט!

— וועסט מיר סיי ווי סיי נישט גלויבן, אויב איך וועל דיר זאָגן אַנדערש. טאָ לאָמיר גרינדן אַן אייגענעם קלוב אויף דער שיף, און ווי אַ גרופּע קאָן מען פאָדערן אונדזערע רעכט.

אַזוי איז טאַקע געבליבן צו טאָן: צוזאַמען צו פאָדערן אַ טאָג רו, נאָך יעדער וואָך אַרבעט אויפן וואַסער, און אָפּזאָגן דעם צווייטן אָפיצער.

אומעטום, אין אַלע שלאָף-צימערן, האָט מען דיסקוטירט די געשעעניש. מען האָט געוואָלט ענטפערן אויף דער באַליידיקונג, אָבער מ'האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי. דערפאַר זיינען אַלע גרייט געווען אָנצונעמען דעם פּלאַן, וואָס לו, דזשאַני און פרענק האָבן זיי געבראַכט. אַ גאַנצן אָוונט האָט מען דיסקוטירט און גע־פּלאַנעוועט. אַ סאַך האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוגיין אויפן ברעג און ניט צוריקצוקומען, ביז מען וועט זיי נאָכגעבן. פון יעדן צימער האָט מען דערוויילט אַ דעלעגאַט אין דער גרופּע, וועלכע זאָל גיין צום קאַפּיטאַן מיט די פאָדערונגען. דזשאַני איז דער־וויילט געוואָרן פון זיין צימער, ווייל ער איז געווען פּאָפּולער און באַליבט צווישן די מאַטראָסן.

גאַנץ פרי זיינען אַלע מאַטראָסן, אַכוץ די דעלעגאַטן, אַראָפּ פון שיף. די דעלעגאַציע איז אַוועק צום קאַפּיטאַן. מען האָט זיי אַריינגעפירט אין אַ גרויס צימער, מיט ווייכע שטולן אַרום די ווענט. דער קאַפּיטאַן האָט אַוועקגעלייגט זיין צייטונג און האָט געוואַרט. אַלע האָבן זיך אומבאַקוועם אַרומגעקוקט און געבליבן שטיין. דער קאַפּיטאַן האָט זיי געהייסן זעצן זיך. ער האָט שוין, ווייזט אויס, געוואוסט וועגן אַלץ.

דזשאַן האָט זיך ניט אַוועקגעזעצט.

— מיסטער קרעג — האָט ער אָנגעהויבן — מיר רעפּ־רעזענטירן די מאַטראָסן פון דער שיף. מיר זיינען נעכטן געווען איבערראַשט פון דער ברוטאַליטעט פון דעם צווייטן אָפיצער. נעכטן באַ דער וועטשערע האָט ער אַטאַקירט אַן אומשולדיקן מאַטראָס. די מאַטראָסן פאַרלאַנגען, איר זאָלט אים אָפּזאָגן.

מיר פֿאַרלאַנגען אויך, אַז די פֿריערדיקע פּראַקטיק פֿון אַ טאָג רו נאָך זעקס טעג אַרבעט, זאָל ווערן אַריינגעשריבן אין אונ־דזערע קאָנטראַקטן.

— איך פֿאַרשטיי אייער לאַגע — האָט דער קאַפּיטאַן גע־ענטפֿערט — און איך פֿיל מיט מיט אייך. איר האָט ריכטיק געטאָן, וואָס איר זייט געקומען צו מיר און ניט צו קיין אַנדערע. (ער האָט געמיינט די יוניאָן.) איך פֿאַרשטיי, אַז איר זייט יונגע־לייט און איר ווילט זיך אַמוזירן. איך וועל איינגיין אויף אייער פֿאָרשלאָג צו געבן אייך אַ טאָג רו. צו ווייזן אייך מיין פּריינט־שאַפֿט, וועל איך אייך היינט געבן אַ טאָג „שאָר ליוו".

בײַ די ווערטער זיינען אַלע מאַטראָסן, שטומע, אויפֿגע־שטאַנען און זיינען געווען גרייט צו פֿאַרלאָזן דעם צימער. אין דזשאַנין אָבער האָט עפּעס רעוואָלטירט. אויף אַ הויכער שטימע האָט ער געפֿאָדערט:

— מיר ווילן וויסן, וואָס צו זאָגן אונדזערע כאַווײַרים וועגן דעם אָפֿיצער!

דער קאַפּיטאַן האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געהאַט וועגן דעם פֿאַרגעסן.

— אָ, יעס — האָט ער געשמייכלט — איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט אַזוי גוט ווי איך, אַז די אָפֿיצערן שטעל איך ניט אָן, און איך קאָן זיי ניט אָפּזאָגן. שיקט אייערע פֿאָרשלאָגן צו דער קאָמפּאַניע.

— איך שלאָג פֿאָר — האָט אים דזשאַני געענטפֿערט — אַז איר זאָלט זיך אַליין דורכרעדן מיט דער קאָמפּאַניע. ביז דער אָפֿיצער וועט ניט אָפּגעזאָגט ווערן, וועלן מיר ניט צוריקקומען!

דעם קאַפּיטאַנס רויטלעך פּאָנעם איז געוואָרן בלאַס, און זיינע אויגן האָבן נערוועז געבלישטשעט. מיט אַ ציניש טאָן האָט ער זיך געווענדעט צו דזשאַנין:

— אַזוי, יונגערמאַן, וועסט נישט צוריקקומען! גיי, גיי געזונטערהייט און קום נישט צוריק. ווילסט „שאָר־ליוו"? קאָנסט האָבן זיבן טעג „שאָר־ליוו", יעדע וואָך. און אויב דיין

פּוּס וועט אַריבערטרעטן דעם שוועל פון דער שיף, וועל איך דיך אַרעסטירן! אַלע אַרויס!

איצט האָט זיך קיינער ניט דערשראָקן, און אַלע זיינען שטיל אַרויס.

אין שאַנכיי האָבן שוין אַ טייל געגומען אויסנוצן זייער „שאָר־ליוו", אָבער אַ גרופּע האָט געוואַרט אויף די דעלעגאַטן. צווישן זיי איז געווען פרענק. ער האָט שוין אַפילו געקראָגן אַ פּלאַץ פאַר אַ מיטינג.

אין אַ קליין זייטיק צימערל פון אַ רעסטאָראַן איז דער מיטינג אָפּגעהאַלטן געוואָרן. מאַט בראַקיאַ, דער אייגנטימער פון דעם רעסטאָראַן, איז אַליין אַמאָל געווען אַ שטאָלצער יוניאָן־מיטגליד. איצט האָט ער גערן געהאָלפן אַלע סטרייקערס. זיין רעסטאָראַן איז געווען אַ מין יוניאָן־לאָקאַל, וואו אַלע יוניאָן־מיטגלידער פלעגן זיך צוזאַמענקומען, האַלטן זייערע מיטינגען און עסן, טרינקען.

— איך האָב שוין געהערט וועגן דיר — האָט מאַט געזאָגט צו דזשאַנין — די כעוורע האָבן מיר דערציילט. איך וויל דריקן די האַנט פון אַ בראַוון קעמפער. — ער האָט שיער ניט צעדריקט דזשאַנים האַנט.

די כעוורע האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין קליינעם צימער און שטייענדיק קאָפּ אויף קאָפּ האָבן זיי אויסגעהערט דעם באַריכט פון די דעלעגאַטן.

נאָכן באַריכט האָט פרענק גענומען דאָס וואָרט און האָט געוואָרנט די מאַטראָסן, זיי זאָלן זיין זייער עקאָנאָמיש מיט זייער געלט, ווייל דער סטרייק קאָן זיך נאָך פאַרציען.

נישט קוקנדיק אויף פרענקס וואָרענונג, זיינען שוין אַ סאַך מאַטראָסן געווען, נאָך דער ערשטער וואָך, אויסגעליידיקט.

דאָן האָט קאַפּיטאַן קרעג געלאָזט וויסן, אַז די, וועלכע וועלן זיך אומקערן איצט, וועלן נאָך קאָנען צוריקקריגן זייערע שטעלעס (אַלע — אַכוץ דזשאַנין). אויסגעהונגערטע, זיינען עטלעכע מאַטראָסן צוריקגעגאַנגען. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער קאַפּיטאַן געלאָזט וויסן, אַז ער וועט מער ניט וואַרטן, ווי 24 שאָ.

עס איז געווען דער לעצטער מיטינג. כאָטש עס איז שוין געווען שווער אויסצוהאַלטן, האָבן די עטלעכע, וואָס זיינען געבליבן, געוואָלט נאָך סטרייקן. ספּעציעל האָבן זיי ניט געוואָלט צוריקגיין אָן דזשאַנין.

נאָר דזשאַני איז געווען קעגן דעם. ער האָט געזען, אַז מער קאָן מען ניט אויסהאַלטן. מאַט האָט אים געזאָגט, אַז קרעג האָט שוין געדונגען אַ צאָל אַנדערע מאַטראָסן. ס'איז געווען זייער ערשטער סטרייק, האָט ער געטיינעט. קומענדיקן מאָל, וועט מען האָבן מער דערפאַרונג. „וועגן מיר זאָלט איר זיך ניט זאָרגן. מאַט האָט מיר פאַרשפּראָכן צו קריגן אַ שטעלע אויף אַ יוניאָן-שיף."

די מאַטראָסן האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט, און דזשאַני איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער מאַרין-אַרבעטער יוניאָן.

• • •

דזשאַני האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פייאיקייטן אין דער יוניאָן-באַוועגונג, אַז יוניאָן-פירער האָבן אים אַוועקגעשיקט קיין ניו-יאָרק, שטודירן אין אַ שול פאַר יוניאָן-פירערשאַפט. דזשאַני האָט פליסיק שטודירט, און ווען ער האָט געענדיקט די שול, איז ער געוואָרן אַ גוטער מאַרקסיסט און איז אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

איצט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן זיין אַרבעט. מיט איינעם אָדער צוויי אַנדערע כאַוויירים פלעגט ער זיך פאַרשרייבן אויף אַ ניט-יוניאָן שיף און ביסלעכווייז ווייזן די מאַטראָסן, ווי אַזוי צו קעמפן פאַר בעסערע באַדינגונגען. עס פלעגט דורכגיין אַ ביסל צייט, און די שיף פלעגט זיך אָנשליסן אָן דער יוניאָן. די שיף-באַלעבאַטים האָבן באַלד פאַרשטאַנען דזשאַנים אַרבעט, און עס איז אים געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער צו קריגן אַ שטעלע. זיין נאָמען איז פאַרשריבן געוואָרן אויפן „שוואַרצן ליסט".

דערפאַר האָט דזשאַני זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק און איז געוואָרן אַ פּאַריער.

• • •

עס איז געווען דאָס לעצטע יאָר פון דער הואווער אַדמיני־סטראַציע. דער קריזיס האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן אויסצו־וועבן. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען אַרבעטלאָז.

דזשאַני האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון דער „יאַנג קאָמיוניסט ליג". זיין איבערפלוס פון ענערגיע, וואָס האָט פריער געפונען אַן אויסוועג אין זיין וואַנדערלוסט, האָט ער איצט אָנגעווענדט אין דער באַוועגונג.

דזשאַני איז אַרויסגעטראָטן באַ מאַסן־מיטינגען, גענומען אָנטייל אין דעמאָנסטראַציעס און פּיקעט־ליינס. כאָטש ער האָט אין „סלעק"־צייט קוים געמאַכט אויף אויסצוקומען פון טאָג צו טאָג, איז אָבער זיין גייסטיק לעבן געוואָרן פולער. ער האָט געלייענט, געשמועסט און זיך געלערנט.

סעפּטעמבער 1931. די לעצטע טעג האָבן די צייטונגען אויסגעשריען מיט גרויסע קעפּ: „יאַפּאַן נעמט איבער מוקדען, די הויפּט־שטאָט פון מאַנדזשוריע!" אין ליג־קלוב האָט מען דיס־קוטירט, ווי אַזוי מען קאָן העלפן דעם כינעזישן פאָלק. דער בעסטער מיטל אין יענער צייט, אַזוי ווי איצט, איז געווען — „באָיקאָט".

די מיידלעך און יונגען האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר אַ וואולוואָרט סטאָר, וואָס פאַרקויפט יאַפּאַנעזישע סכוירעס, און האָבן מאַרשירט מיט זייערע פּלאַקאַטן אַהין און צוריק.

אַ שטונדע, צוויי און דריי זיינען דורכגעגאַנגען. אַלע זיינען שוין געווען פאַרמאַטערט, אָבער מען טאָר ניט אויפגעבן.

און פּלוצלונג — צינדן זיך אָן בליצן, ס'קלאַפּן דונערן און אַ טייך רעגן. אַלע זיינען זיך צעלאָפן. טייל זיינען אַהיים גע־גאַנגען, אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אונטער די אַריינ־גאַנגען פון די דערבייאיקע קראָמען.

דזשאַני איז געשטאַנען אינעם אַריינגאַנג פון אַ קענדי־סטאָר, אַרויסגעקוקט און געוואַרט ביז דער רעגן וועט אויפהערן. ער האָט זיך פאַרטראַכט. זיינע געדאַנקען זיינען געפלויגן ווייט, ווייט: דער טאַטע, דער ברודער, די אַרמיי, די מאַרינען, דאָס

מאַטראָסן-לעבן, סטרייק, יוניאָן, ניו יאָרק, פּאַריער און איצט — די יוגנט-ליג.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט דערזען, אַז לעבן אים שטייט איינע פון די פּיקעטס. זי איז געווען אַ שיינע, מיטל-וואוקסיקע מיידל, מיט קורץ-געשוירענע שוואַרצע האָר און שוואַרצע פייערדיקע אויגן. זי איז אויך געווען פאַרטראַכט. אין דעם מאָמענט, ווען דזשאַני האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, האָט זי אויפגעהויבן אירע אויגן. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָט זי געפרעגט:

— וואָס טראַכט אונדזער כאַווער וועגן דעם רעגן?

דזשאַנים האַרץ האָט זיך אויפגעעפנט. ער האָט דערפילט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינצונעמען דאָס שיינע באַשעפעניש אין האַרצן אַריין.

— ס'איז נאָר אַ שפּריץ אין פאַרגלייך מיט גוס-רעגנס אין אַנדערע טיילן פון דער ערד.

דזשאַני איז ניט געווען קיין באַרימער, אָבער ער האָט האַנאָע געהאַט פון דערציילן וועגן זיינע וואַנדערונגען. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן מייסעס. אויפן יאַם, ווען ביכער און צייטונגען זיינען ניט געווען, האָבן די מאַטראָסן זיך אַמוזירט פון זיינע וויצן און דערציילונגען.

אין קראָם-אַריינגאַנג האָט דזשאַני אָנגעהויבן איינע פון זיינע מייסעס. קומענדיק אַהיים האָט דזשאַני געטראַכט וועגן ראָזען — אַזוי האָט זי געהייסן. דזשאַני האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ פאַרגעניגן פון דורכרעדן זיך מיט אַ מענטשן, ווי ער האָט געהאַט מיט איר. ער האָט באַשלאָסן מיט איר נעענטער צו באַקענען זיך.

ער האָט אויסגעפונען אירע אינטערעסן, און האָט זיך מיט זיי אויך פאַראינטערעסירט. ער האָט געלייענט די ביכער, וועלכע זיינען איר געפעלן געווען. ווען דער ברענטש פון דער יוגנט-ליג האָט געהאַט אַ פּראָיעקט, און ראָזע האָט אויף אים געאַרבעט, קענט איר זיכער זיין, אַז דזשאַני האָט זיך דאָרטן אויך געפונען.

ראָזע האָט באַוואונדערט זיינע דערפאַרונגען און וויסן. ער

איז איר אויך געפעלן געוואָרן מיט זיינע ברייטע פּלייצעס, בלאָנדע האָר און הויכן ברוסט-קאַסטן.

ס'האָט ניט לאַנג גענומען, און זי האָט אין אים געקראָגן דעם זעלבן אינטערעס, ווי ער אין איר.

ס'איז געווען ווינטער. אַ ווינטער פון נויט, פון הונגער-מאַרשירער און פון הואָווערווילס. די באַוועגונג האָט געפירט די אַרבעטלאָזע אין אַ קאַמף פאַר רעגירונג-הילף. דזשאַנים לעבן איז געווען מיט דער באַוועגונג. און וואו מען האָט געזען דזשאַנין, האָט מען אויך געזען ראָזען. ס'איז מער ניט געווען קיין סאָד, אַז דזשאַני און ראָזע וועלן כאַסענע האָבן. ס'איז ניט גרינג געווען פאַר די צוויי יונגע מענטשן זיך אויסצושטעלן קעגן דער וועלט. דזשאַני האָט פאַרדינט ווינציק, און ראָזע — נאָך ווינציקער.

זיי האָבן אָפּגעלייגט די כאַסענע אויף יוני, און די צייט איז פאַר זיי געקראָכן, ווי אַ טשערעפּאַכע. קעדיי ניט צו ערגערן איר מוטער, וועלכע האָט זיך געפילט געקרענקט פון דעם, וואָס איר איידעם איז ניט קיין ייד, האָט ראָזע געבעטן דזשאַנין דורכצופירן די רעליגיעזע צערעמאָניע לויטן יידישן דין.

דער געדאַנק איז דזשאַנין ניט זייער געפעלן געוואָרן, אָבער אַז ראָזע האָט געוואָלט, האָט ער צוגעשטימט.

אין דער באַשטימטער צייט, זיינען דזשאַני, ראָזע און איר מוטער איז אַריין צום ראָוו. ער איז געווען אַ קורץ יידל, מיט אַ צעקנייטשטן פּאָנעם און אַ געל שפּיציק ציגן-בערדל.

דער כאָסן און די קאַלע זיינען געשטאַנען פאַר אים. ער האָט געקוקט פון איינעם אויפן צווייטן, און ניט געקאָנט זיינע אויגן אַראָפּנעמען פון דזשאַנין. אַפילע דורך זיינע קורצזיכטיקע ברילן האָט ער געזען, אַז דזשאַני איז ניט קיין ייד. ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט געפרעגט באַ דזשאַנין, צי ער איז אַ ייד. דזשאַני האָט געענטפערט, אַז ניין, ער איז ניט קיין ייד.

דעם ראָווס פּאָנעם איז רויט געוואָרן, און זיין בערדל האָט זיך גענומען טרייסלען פון אויפרעגונג. מיט אַ געשריי: „אַרויס

פון דאַנען! אַרוים!" האָט ער זיי אַרויסגעטריבן פון זיין הויז.

שפּעטער איז דאָס פּאָרל צוגעפאָרן צו אַ סימכעלע פון די יגנטלעכע, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן צוליב זיי. דאָס סימכעלע האָט אַ ביסל אויסגעוועפּט די ביטערניש, וואָס איז געווען אין זייערע הערצער.

• • •

גלייך נאָך דער כאַסענע האָט דזשאַני געקראָגן די אַרבעט פון אַן אָרגאַנייזער אין זיין פאָריער־יוניאָן.

די אַרבעטער האָבן דאַן געקעמפט פאַר דער אָנערקענונג פון זייער יוניאָן און זיינען אַרויס אין אַ סטרייק. די באַלעבאַטים האָבן אָנגעשטעלט גענגסטערס און די פּאָליציי האָט זיי אויך אַרויסגעהאָלפן.

דאָ און דאָרטן זיינען די גענגסטערס אָנגעפאַלן אויף אַ סטרייקער און אים אָנגעבראָכן די ביינער. אָבער ווי צו יענעם גענגסטער, וואָס די סטרייקער האָבן געכאַפּט. זיי האָבן זיך שוין אָפּגערעכנט מיט אים.

יעדן טאָג זיינען די סטרייקער געווען באַ די שעפּער צו לערנען די סקעבס, וואָס עס מיינט אַרויסצונעמען דאָס ברויט פון אַן אַנדערנס מויל. דער רינג פון דער פּאָליציי און די גענגסטערס אַרום די שעפּער איז געווען זייער שטאַרק, אָבער איין מאָל האָבן די סטרייקערס דורכגעבראָכן די וואַנט און האָבן אויסגעלאָזט זייער קאַס צו די סקעבס און גענגסטערס.

פויסטן זיינען געפלויגן. אויגן זיינען בלוי געוואָרן, ציינער האָבן געקריצט, בלוט האָט זיך געגאָסן...

מיט אַ רייסנדיקן סירענע־געשריי איז אָנגעפאָרן אַ פּאָליציי־וואָגן. די פּאָליציילייט זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון זייער וואָגן און מיט די שטעקנס אין די הענט האָבן זיי געראַטעוועט די סקעבס. מען האָט אָנגעפּאַקט אַ פולן וואָגן מיט סטרייקער און אָוועקגעפירט זיי אין דער פּאָליציי־סטאַנציע. צווישן די אַרעסטירטע איז געווען אויך דזשאַני.

• • •

אין צוויי מאָנאַטן אַרום איז פאָרגעקומען דזשאַנים מישפּעט.

ס'איז געווען אין מיטן יאַנואַר, דעם טאָג איז געווען אַ ביטערע קעלט. אָבער, ניט קוקנדיק אויף דער קעלט, איז אין דעם אָנגעפּאַקטן געריכט־צימער געווען היים, ווי אין אַ באָד. דער ריכטער איז געזעסן אויף זיין שטול און האָט געמישפּעט. איינעם נאָכן אַנדערן האָט מען אַרויסגערופן די אָנגעקלאָגטע סטרייקער. דזשאַני האָט געוואַרט און געפּרואווט טרעפן זיין שטראָף. די גרעסטע שטראָף — איין מאָנאַט טורמע — האָט דער ריכטער צוגעמישפּעט צו איינעם אַ סטרייקער, וואָס האָט צוריקגעשלאָגן אַ פּאָליסמאַן. די אַנדערע האָט מען געגעבן אַ וואָך אָדער צוויי.

ווען דזשאַני איז אַרויסגערופן געוואָרן, זיינען קעגן אים אַרויסגעטראָטן צוויי איידעס: איינער — אַ סקעב, מיט אַ פּאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דזשאַני האָט צעלעכערט זיין קאָפּ, און אַ צווייטער — אַ גענגסטער, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער האָט עס אַליין צוגעזען.

מען האָט אויך געהאַלטן קעגן דזשאַנין איינס פון די מעסערלעך, וואָס די פּאַריער נוצן באַם שניידן פעל.

אַכוץ דעם איז דזשאַני שוין איין מאָל אַרעסטירט געוואָרן אין אַ סטרייק.

— האָבנדיק דורכגעטראַכט די אַלע באַווייזן — האָט דער ריכטער אויסגעצויגן זיינע ווערטער — גיבן מיר דיר די שטראָף . . . — און דאָ האָט זיך דער ריכטער אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט — גיבן מיר דיר פינף יאָר טורמע.

ס'איז געוואָרן אַ טויטע שטילקייט, און מיט אַ מאָל האָט עמעצער אויסגעשריען: „גאָדעם, פריים־אַפּ!" דער גאַנצער אוילעם האָט אָנגעהויבן שרייען. דער ריכטער האָט געקלאַפּט מיט זיין העמערל איבער דעם טיש, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מען האָט די פאַרמישפּטע אַרויסגעפירט און דעם אוילעם אַרויסגעטריבן.

• • •

דזשאַני האָט געוואוסט, אַז מען האָט אים „געפריימט",

אָבער ער האָט ניט געקאָנט שאַלעם מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז ער וועט דאַרפן זיצן פינף יאָר.

אויף מאָרגן נאָך דעם מישפּעט האָבן אים באַזוכט אַ דעלע־גאַציע פון דער יוניאָן, עטלעכע פריינט און ראָזע. זיי האָבן אים דערמוטיקט, און ער האָט באַשלאָסן אויפצופירן זיך אַזוי, אַז ער זאָל קענען אַרוים אויף פּאַראָל.

קעדיי די צייט זאָל ניט אַוועקגיין אומזיסט, האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט די אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע. זיי האָבן געקראָגן ביכער, געלייענט, שטודירט און דיסקוטירט.

• • •

אין אַ יאָר און אַ האַלב אַרום האָט מען דזשאַנין אַרויס־געלאָזן אויף פּאַראָל. יעדן טאָג האָט ער געדאַרפט מעלדן זיך צום פּאַראָל-באַאַמטן און באַריכטן, וואו ער איז געווען און וואָס ער האָט געטאָן דעם טאָג. ער האָט ניט געטאָרט אָנטייל נעמען אין קיין שום באַוועגונג־אַרבעט.

ס'איז אים זייער שווער געווען אָפּצורייסן זיך פון אַלע זיינע פריערדיקע טעטיקייטן.

אַרבעט האָט ער געקראָגן, אָבער ס'האָט ניט געדויערט לאַנג און ער איז ווידער געווען אַרבעטלאָז. ער האָט אַרומגעזוכט וועלכע ניט איז אַרבעט, אָבער האָט גאָרנישט געקענט געפינען. דערווייל איז צו דזשאַנין און ראָזען געבוירן געוואָרן אַ זון.

• • •

עס האָט אָנגעהויבן אָנקומען נייעס פון שפּאַנישן בירגער־קריג. באַלד פון אָנהויב איז דזשאַנין קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז אַ פאַשיסטישע אַטאַקע אויפן שפּאַנישן פאָלק.

עס האָט דזשאַנין אַרומגעכאַפּט זיין אַלטע וואַנדערלוסט. ער האָט געלייענט, אַז מען נויטיקט זיך אין שפּאַניע אין מילי־טערישע לערער, און ער האָט געטראַכט, אַז דאָרטן וואָלט ער געקאָנט נוצלעך זיין. אָבער דער געדאַנק וועגן ראָזען און זיין קינד האָט אים צוריקגעהאַלטן.

עס איז געגרינדעט געוואָרן דער לינקאָלן באַטאַליאָן, און

דזשאַנין האָט אַלץ מער געצויגן אַהין... דער ווילן צו העלפֿן דעם שפּאַנישן פֿאָלק איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

ער האָט עס אין זיך אונטערדריקט, אָבער ראָזע האָט געזען זיין שטימונג און האָט פֿאַרשטאַנען. זי האָט אַליין פֿאַרפֿירט מיט אים אַ שמועס וועגן דעם. זי האָט אים דערמוטיקט:

— איך בין מער ניט קראַנק, דאָס קינד איז שטאַרק און געזונט, דאָס ביסל אָנגעזאַמלט געלט וועט קלעקן, ביז דו וועסט צוריקקומען.

דאָס האָט ווי אַ שטיין אַראָפּגענומען פֿון זיין האַרצן. מיט קיין ווערטער וואָלט ער זיין געפֿיל נישט געקאָנט אויסדריקן. ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך.

• • •

ס'איז ניט לייכט געווען פֿאַר אים צו קריגן אַ פּאַספּאָרט און פֿאָטער צו ווערן פֿון דעם פֿאַראַל-באַאַמטן. אָבער אַלץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן.

ענדלעך איז דזשאַני אויף דער שיף. ביז דעם לעצטן מאָמענט האָט דזשאַני ניט געגלויבט, אַז ער פֿאָרט טאַקע, אַז מען וועט אים ניט קומען פֿאַרהאַלטן.

די שיף גיט אַ הויכן, שאַרפֿן פֿייף. פֿון ברעג פֿאָכעט מען מיט טיכלעך. דזשאַני זעט קיינעם ניט, אָבער ער פֿאָכעט צוריק.

אויפֿן שיף האָט דזשאַני געדאַרפֿט האָבן אויפֿזיכט איבער פֿינף אַנדערע לינקאָלן וואָלונטירן. דעם גאַנצן וועג האָט מען אויסגעאַרבעט פּלענער. אין פּאַריז האָבן זיי זיך באַזעצט אין פֿאַרשיידענע האָטעלן און דזשאַני האָט געדאַרפֿט פֿאַרבינדן זיך מיט די כאַווייִרים, וועלכע האָבן געזאָלט זיי אַריבערפֿירן קיין שפּאַניע. אַזוי איז אַוועק אַ מאָנאַט. דאָס ביסל געלט האָט זיך גענומען אויסלאָזן.

וועגן דער לאַגע זיינער האָט דזשאַני געשריבן צו ראָזען אויף זיין לאַקאָנישן אופֿן:

— געלט איז ווייניק. עסן איז שלעכט. יעדער וואָלונטיר קריגט פֿינף פֿראַנק אַ טאָג אויסצוהאַלטן זיך. קיינער רויכערט

נישט. ניטאָ פּאַר וואָס. פאַרליר ניט די האָפענונג. מען דער-ציילט מיר, אַז אין גיכן פאָרן מיר קיין באַרצעלאָנאַ...

ענדלעך האָט מען געלאָזט וויסן, אַז עס קומט אַ שיף און וועט זיי נעמען קיין באַרצעלאָנאַ.

דזשאָני האָט צוזאַמענגערופן זיינע וואָלונטירן. באַנאַכט זיינען זיי אַרויף אויף דער שיף און אין דער פרי זיינען זיי שוין געווען אויפן וועג.

• • •

די שיף איז געווען אָנגעלאָדן מיט וואָלונטירן פון פאַר-שיידענע לענדער. זיי זיינען געווען אַרום צוויי הונדערט מאָן. כאָטש דזשאָני האָט געוואוסט, אַז מען פאָרט קיין שפּאַניע פון פאַרשיידענע לענדער, דאָך איז ער איבערראַשט געוואָרן פון דער צאָל נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע זיינען געווען דאָ פאַרטראָטן: פאַראייניקטע שטאַטן, פראַנקרייך, קאַנאַדע, דאָרעם און צענ-טראַל אַמעריקאַנישע לענדער, קובאַ, ענגלאַנד, פינלאַנד, נאָר-וועגיע...

אַ גאַנצן טאָג האָט מען פאַרבראַכט מיט לידער, טענץ און געזאַנג. אין אָוונט האָט מען זיך געלייגט שלאָפן מיט איין געדאַנק אין קאָפּ: „מאָרגן — אין שפּאַניע!"

די נאַכט איז שטיל דורכגעגאַנגען, און עס איז אָנגעקומען אַ גרויער מאָרגן. אַרום איז געווען שטיל. אַ קיילעכדיקע לע-וואָנע, ווי אַ רונדער קעז, איז נאָך ניט אַרונטערגעגאַנגען און האָט זיך געשפּילט אויף די רואיקע כוואַליעס.

און מיט אַ מאָל — אַ טראַך פון אַ קאַנאָן! די שיף האָט זיך אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן.

אַלע האָבן זיך אויפגעכאַפּט און זיינען אַרויסגעלאָפן אויפן דעק.

— וואָס האָט פּאַסירט? וואָס האָט פּאַסירט?

אַ פאַשיסטישע אונטערוואַסער-שיף האָט אַרויסגעשיקט אַ טאָרפּידאָ און האָט דורכגעלעכערט די זייט פון דער שיף.

דער דעק איז שוין געווען פאַרפלייצט מיט וואַסער. ס'איז

געווען אַ קליינע צאָל שיפֿלעך, און זיי זיינען שוין געווען אָנ־געפילט. די גרויסע מערהייט איז געבליבן אויפֿן דעק. די שיף האָט זיך געקאַטשעט אַהין און צוריק.

עמעצער האָט אויסגעשריען איבערן טומל דעם ערשטן קלאַנג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. מען האָט דערקענט די טענער. אַלע, ווי איינער, האָבן גענומען זינגען אויף זייערע אייגענע שפּראַכן.

די שיף האָט זיך אַ לעצטן טרייסל געטאָן און האָט זיך אַרונטערגעגליטשט אין וואַסער.

וואָלונטירן זיינען געשפּרונגען אין וואַסער און דערטרונקען געוואָרן מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל אויף די ליפּן.

צוזאַמען מיט די אַנדערע האָט אויך דזשאַני אָוועקגעגעבן זיין יונג לעבן.

# אינהאַלט: